יעקב לעווין

# דער אָנפאַנגער

## לערבוך צו לערנען קינדער לייענען
## און שרייבען אידיש

מיט זייער פיל אילוסטראַציעס
און בילדער אין טעקסט

**צווייטער טייל**

פאַרלאַג „אידישע שול"

הויפּטפאַרקויף ביי

היברו פּאבלישינג קאמפּאני

77-79 דילענסי סטריט, ניו־יאָרק

# אינהאַלט:


זייט:

פאָררעדע — V
שלאָף, שלאָף, שלאָף. פאָלקסליד. 1
שיקט דער האַר אַ פּויערל. פאָלקסליד. 3
וואָס איז דאָס שענסטע. פאָלקסליד. 6
קעסטעלאַד. פאָלקסליד. 7
דער האָז דער קרייער. נאָך ענגליש. 9
דאָס ברויט. פאָלקס־מעשה׳לע. 11
די קאַץ און די מויז. פאָלקס־מעשה׳לע 12
דער אָקס און דער הונט. פון עזאָפּ. 14
די קו און דאָס אינגעלע. נאָך ענגליש 16
מיין קיעלע. ליד. א. כהן. 18
אַ אינגעלע און אַ פייגעלע. ליד. 19
דאָס טייכל און דאָס פייגעלע. נאָך ענגליש. 20
דער פוקס און דער באָק. פאָלקס־מעשה׳לע 22
די אלטע פרוי און די מויז. 24
אַ הייזל אויף ווינטער. פאָלקס־מעשה׳לע. 25
דער פעטער שנייער. ליד. מאַני לייב. 28
די שלעכטע קאַץ. ליד. אַב. וויקטאָר. 29
די קאַץ און דער פוקס. פאָלקס־מעשה׳לע. 31
דער פוקס און די וויינטרויבן. מ. ריוועסמאַן. נאָך קרילאָוו 33
דאָס קעצל און דער הונט. פון ענגליש. 34
דער וואָלף, דאָס פערד און דער באַראַן. פאָלקס־מעשה׳לע. 35
די צוויי שעפסן. פון תשרק. 37
צוויי פריינד. פון עזאָפּ. 38
דער אַלטער לייב. פון עזאָפּ. 40
דער לייב און די מויז. פון עזאָפּ. 42

זייט:

דער העלפאַנד און דער שניידער. אינדיש מעשה׳לע 44
די מאַלפּע און די ברילן. פאַבל. נאָך קרילאָוו. 45
אַ באַראַטונג פון די מייז. פון עזאָפּ. 46
דער האָז און די פרעש. פון עזאָפּ. 47
דער פרילינג. ליד. ש. י. לאַנדינסקי. 49
די נעסט. ל. טאָלסטאָי. 50
פרילינג. ליד. נפתלי גראָס. 51
מיין באַגריסונג. ליד. מ. סטרוגאַטש. 52
די פייגעלאַך. פון רוסיש. 53
דער ראָב און דער קרוג. פון עזאָפּ. 55
גוטס פאַר גוטס. פון עזאָפּ. 56
דער קליינער פיש. 57
די פליג. 59
די יונגע פליגן. 60
דער ערשטער אַרויספלי פון די בינען. 61
די הינדעלאַך און די שפּין. פון העברייאיש. 63
עפּל־ביימעלע. ליד. עפּשטיין. 64
די יאָלקע. 65
אין פעלד. ליד. לאה קאַפּילאָוויץ. 67
די זאַנגען. 68
צוויי פעסער. פאַבל. פּ. קאַפּלאַן. נאָך קרילאָוו. 69
אין גאָרטן. ליד. לאה קאַפּילאָוויץ. 69
ווי רופט מען מיך? פון ענגליש. 71
דאָס מיידעלע און די זון. ליד. ש. י. לאַנדינסקי. 72
דער רעגנבויגן און די זון. 73
זומער־רעגן. ליד. מאַני לייב. 74
דער דונער. ל. טאָלסטאָי. 75
דער שיפער. ליד. י. ל. פרץ. 76
דער ווינט. לאה קאַפּילאָוויץ. 77
קען איך ניט פאַרשטיין. ליד. יהואש. 78
פייער. ליד. לאה קאַפּילאָוויץ. 79

זייט:

דאָס ריטשקעלע. ליד. ל. קוויטקאָ. 81
ווי מערי האָט זיך אויסגעלערנט
גיין. — — — — — — — 82
זיך הוידען. ליד. פון ל. סטי־
ווענסאָן. — — — — — — 83
אין שול אַריין. ליד. מ. גיטליץ. 84
עני. נאָך ל. טאָלסטאָי. — — — 85
שרייבנדיק אין זאַמד. ליד.
לאה קאָפּילאָוויץ. — — — 86
אַרבעט און שפּיל. פון ענגליש. 87
אַ קלוגער ענטפער. איד. לעגענדע. 90
טריקנט דעם צוקער.
פון העברייאיש. — — — 91
דער הונגעריקער אַראַבער. — 93
אַ גוטער דאָקטער. ליד. לאה
קאָפּילאָוויץ. — — — — 94
די אַלטיטשקע און דער דאָקטער.
פון עזאָפּ. — — — — — 95
אַ קלוגער מענטש. איד. לעגענדע. 97
דריי מאָל אַ שפּרונג. איד.
לעגענדע. — — — — — 98

זייט:

דער באַקסער־בוים. איד.
לעגענדע. — — — — — 99
צוויי פּלוגן. — — — — — 100
הערבסט. ליד. א. רייזען. — 101
פרילינג־ליד. א. רייזען. — — 101
די פיר צייטן פון יאָר.
פון „קינדערוועלט“. — — 102
די שטערן־רענדלאַך. גרים. — 102
דער רעטאַך. י. ראַווין. — — 105
קעניג מידאַס. גריכישע לעגענדע. 110
די פּיקסלאַך און דער לייב.
פון ענגליש. — — — — — 114
די רויבער. גרים. — — — 118
די קאַץ, וואָס האָט געוואַרט.
נאָך ריטשאַרדס. — — — 126
די דריי בערן. נאָך ל. טאָלסטאָי. 129
דער ווינט. פון ל. סטיווענסאָן. 133
ציילן זיך. — — — — — 137
פּראַגן און רעטענישן. — — 138

---

ענטפערס אויף די רעטענישן פון זייט 138: צייַן. קאַרש. בוך. אייגעם, זייגער. עכאָ. שטערן. אויגן. שניי. נאָדל. האָר. ווען אָן אַ קניפּל.

# פֿאָררעדע.

דאָס דאָזיקע לערבוך „דער אָ נ פ אַ נ ג ע ר", צווייטער טייל, **דאַרף גיט דער** **אידיישע פונ'ם פאַרפאַסער אויסגענוצט ווערן אויף צוויי־ערליי אופנים.**

ע ר ש ט נ ס — אַלס דירעקטע פאָרזעצונג פונ'ם „אַנפאַנגער" 1טער טייל. דעם לערבוך אויסצולערנען די קינדער לייענען אידיש. דער מאַטעריאַל פונ'ם דאַזיקן ביכל איז א לייכטער. זעלטן ווען עס זיינען אין אים פאַראַן זאכן, וואו די קינדער וועלן זיך דאַרפן באַזונדערס אָנשטרענגען, כדי צו פאַרשטיין דאָס דורכגעלייענטע. אמת, וועגן יעדער זאַך, וואָס ווערט געלערנט אין קלאַס, איז ווינשנסווערט און נייטיק צו שמועסן, כדי דאָס קינד זאָל פון דעם אַרויסטראָגן אַלץ, וואָס עס איז נאָר בכוח צו פאַרשטיין. אָבער קיין באַזונדערס שווערע זאַכן זיינען דאָ ניטאָ.

דער מאַטעריאַל פון בוך דאַרף געבן די קינדער די געלעגנהייט אי רייכע צו ווערן מיט נייע באַגריפן, אי פאַרפאָלקאָמען זיך אין לייענען.

צ ו ו י י ט נ ס — קאָן דאָס בוך באַנוצט ווערן אלס אַ סאַמע אָנפאַנגער. די וואָס האלטן צוזאמען מיט די פּאָבליק־סקול לערער, אז דער קלאַנגען־מעטאָד, אפילו אין זיין מאָדיפיצירטער פאָרם, ווי ער איז אויסגעדריקט אין דעם „אָנפאַנגער טייל 1, איז ניט דער מעטאָד, וואָס איז אַם בעסטן צוגעפּאסט צו אויסלערנען לייענען אידיש, און אַז דער אוניווערסאַל־בעסטער מעטאָד איז דער וויזועלער — קוק און לייען, — פאַר אָט די לערער קאָן דאָס דאָזיקע בוך — און באַזונדערס דער ערשטער טייל זיינער — דינען אַלס מאַטעריאַל פאַר אָט דעם מעטאָד.

די אלע פאָלקסלידער אין אָנהייב פון בוך מיט די ווידערהאָלונגען זייערע, די לידער, וואָס מען לערנט געוויינלאך אויף אויסווייניק און וואָס מען זינגט, זיינען א גוטער מאַטעריאַל פאַר דעם ריינעם וויזועלען מעטאָד. און די אָרדענונג פון די זאכן אין ביכל איז אַזאַ, אַז פון אָפטערע ווידערהאָלונגען גייט דאָס קינד ביסלאכווייז איבער צו ווייניקער אָפטע און דערנאָך צו זאכן אינגאַנצן אָן ווידערהאָלונג.

די אָפטע בילדער צו כמעט אלע לעז־שטיקער וועלן פיל אַרויסהעלפן סיי די קינדער ביים לייענען, סיי דעם לערער ביים שמועסן. בכלל דאַרף דער שמועס פאַרנעמען ניט ווייניקער פּלאַץ, ווי דאָס לייענען, — סיי צוליב דער אנטוויקלונג פון די קינדער, סיי צוליב דער אנטוויקלונג פון זייער פיאיקייט אויסצודריקן זיך און באַזונדערס — אויסצודריקען זיך אין אידיש.

צוליב באַרייכערן דעם וואָקאבולאריום פון די קינדער און אויך כדי צו אנטוויקלען זייער פיאיקייט צו לייענען מיט אויסדרוק, צו דעקלאַמירן, איז ווינשנסווערט צו לערנען מיט די קינדער לידער אויף אויסנווייניק.

אויסער גאַנץ קליינע אויסנאַמען, זיינען אלע לעזשטיקער אינ'ם בוך גע־

דרוקט אין גרעסערע אותיות. קיין העברייאישע ווערטער זיינען אינ'ם בוך אינ־גאַנצן ניטאָ. די אָרטאָגראַפיע פונ'ם בוך איז די נייע.

דער מאַטעריאַל פון בוך איז קינדערשער. פאַראַן אויך מעשה'לע־מעסיקער, מיט אַן עלעמענט פון נ י ט ־ נ אַ ט י ר ל א כ ק י י ט, באַזונדערס אין די מעשה'לאך וועגן חיות. אָבער קיין א י ב ע ר נ אַ ט י ר ל אַ כ ע ר עלעמענט איז אין זיי ניטאָ. ניטאָ אין בוך אויך קיין מעשות וועגן מכשפות און פייעס, וועגן פּרינצן און פּרינצעסנס, וועגן שדים און רוחות מיט די אַלע אַנדערע איבער־בלייבאכצן פון די אַלטע גוטע יאָרן, ווען אונזערע אייגענע מאַמעס און באבעס האָבן אין דעם געגלויבט. דער אַרט דענקען פונ'ם מענטשן גייט אַלץ מער איבער פון פאַנטאַסטישן צו רעאַלן, און די ערציאונג פון די קינדער דאַרף אויך וואָס ווייטער אַלץ מער געפירט ווערן אין דער ריכטונג.

איך בעט זייער אַלע לערער צו שיקן מיר זייערע באַמערקונגען וועגן בוך אַלס גאַנצן, ווי אויך וועגן איינצלנע זאַכן, כדי עס זאָל מעגלאך זיין צו מאַכן די נייטיקע ענדערונגען אין די ווייטערדיקע אויסגאַבן. מיין טיפן דאַנק פאָרויס.

דער אַדרעס אויף צו שיקן דאָס איז: יעקב לעווין, 143 איסט 103־טע גאַס, ניו־יאָרק, נ. י.

יעקב לעווין.



# שלאָף, שלאָף, שלאָף.





שלאָף, שלאָף, שלאָף!
דער טאַטע וועט פאָרן
אין דאָרף,
וועט ער ברענגען אַן עפּעלע,
וועט זײַן אַ געזונט אין
קעפּעלע.





שלאָף, שלאָף, שלאָף!
דער טאַטע וועט פאָרן
אין דאָרף,
וועט ער ברענגען אַ ניסעלע,
וועט זײַן אַ געזונט אין
פיסעלע.





שלאָף, שלאָף, שלאָף!
דער טאַטע וועט פאָרן
אין דאָרף,
וועט ער ברענגען אַן
ענטעלע,
וועט זײַן אַ געזונט אין
הענטעלע.





שלאָף, שלאָף, שלאָף!
דער טאַטע וועט פאָרן
אין דאָרף,
וועט ער ברענגען אַ העזעלע,
וועט זײַן אַ געזונט אין
נעזעלע.





שלאָף, שלאָף, שלאָף!
דער טאַטע וועט פאָרן
אין דאָרף,
וועט ער ברענגען אַ
פֿייגעלע,
וועט זײַן אַ געזונט אין
אייגעלע.



# שיקט דער האַר אַ פּויערל.





שיקט דער האַר אַ פּויערל אין וואַלד,
אַ פּויערל אין וואַלד,
ער זאָל דאָרט באַרעלאַך רײַסן,
ער זאָל דאָרט באַרעלאַך רײַסן.
פּויערל וויל ניט באַרעלאַך רײַסן,
באַרעלאַך ווילן ניט פאַלן,
באַרעלאַך ווילן ניט פאַלן.



שיקט דער האַר אַ הינטעלע אין וואַלד,
אַ הינטעלע אין וואַלד,
עס זאָל דעם פּויערל בײַסן,
עס זאָל דעם פּויערל בײַסן.
הינטעלע וויל ניט פּויערל בײַסן,
פּויערל וויל ניט באַרעלאַך רײַסן,
באַרעלאַך ווילן ניט פאַלן,
באַרעלאַך ווילן ניט פאַלן.

שיקט דער האַר אַ שטעקעלע אין וואַלד,
אַ שטעקעלע אין וואַלד,
עס זאָל דאָס הינטעלע שלאָגן,

עס זאָל דאָס הינטעלע שלאָגן.
שטעקעלע וויל ניט הינטעלע שלאָגן,
הינטעלע וויל ניט פֿויערל בײַסן,
פֿויערל וויל ניט באַרעלאַך רײַסן,
באַרעלאַך ווילן ניט פֿאַלן,
באַרעלאַך ווילן ניט פֿאַלן.



שיקט דער האַר אַ פֿײַערל אין וואַלד,
אַ פֿײַערל אין וואַלד,
עס זאָל דאָס שטעקעלע ברענען,
עס זאָל דאָס שטעקעלע ברענען.
פֿײַערל וויל ניט שטעקעלע ברענען,
שטעקעלע וויל ניט הינטעלע שלאָגן,
הינטעלע וויל ניט פֿויערל בײַסן,
פֿויערל וויל ניט באַרעלאַך רײַסן,
באַרעלאַך ווילן ניט פֿאַלן,
באַרעלאַך ווילן ניט פֿאַלן.

שיקט דער האַר אַ וואַסערל אין וואַלד,
אַ וואַסערל אין וואַלד,
עס זאָל דאָס פֿײַערל לעשן,

עס זאָל דאָס פײַערל לעשן.
װאַסערל װיל ניט פײַערל לעשן,
פײַערל װיל ניט שטעקעלע ברענען,
שטעקעלע װיל ניט הינטעלע שלאָגן,
הינטעלע װיל ניט פּױערל בײַסן,
פּױערל װיל ניט באַרעלאַך רײַסן,
באַרעלאַך װילן ניט פאַלן,
באַרעלאַך װילן ניט פאַלן.



שיקט דער האַר אַן עקסעלע אין
װאַלד,
אַן עקסעלע אין װאַלד,
ער זאָל דאָס װאַסערל טרינקען,
ער זאָל דאָס װאַסערל טרינקען.
עקסעלע װיל שױן װאַסערל
טרינקען,
װאַסערל װיל שױן פײַערל לעשן,
פײַערל װיל שױן שטעקעלע ברענען,
שטעקעלע װיל שױן הינטעלע שלאָגן,
הינטעלע װיל שױן פּױערל בײַסן,
פּױערל װיל שױן באַרעלאַך רײַסן,
באַרעלאַך װילן שױן פאַלן,
באַרעלאַך װילן שױן פאַלן.

# וואָס איז דאָס שענסטע.

וואָס איז דאָס שענסטע אויף דער וועלט ?
אַ שיינער וואַלד.
וואַלד פון דער וועלט, טאַם־טי־דעראָם.
טאַם־טי־דעראָם, טאַם־טי־דעראָם, טאַם־טי־דעראָם !

וואָס איז דאָס שענסטע אין דעם וואַלד ?

אַ שיינער בוים.
בוים פון דעם וואַלד,
וואַלד פון דער וועלט, טאַם־טי־דעראָם.

וואָס איז דאָס שענסטע אויף דעם בוים ?
אַ שיינער צווייַג.

צווייַג פון דעם בוים,
בוים פון דעם וואַלד,
וואַלד פון דער וועלט, טאַם־טי־דעראָם,

וואָס איז דאָס שענסטע אויף דעם צווייַג ?

אַ גרין בלאַט.
בלאַט פון דעם צווייַג,
צווייַג פון דעם בוים,
בוים פון דעם וואַלד,
וואַלד פון דער וועלט, טאַם־טי־דעראָם.

וואָס איז דאָס שענסטע אויף דעם בלאַט ?
אַ שיינער עפּל.

עפּל פון דעם בלאַט,
בלאַט פון דעם צווייג,
צווייג פון דעם בוים,
בוים פון דעם וואַלד,
וואַלד פון דער וועלט, טאַם־טי־דעראָם.
טאַם־טי־דעראָם, טאַם־טי־דעראָם, טאַם־טי־דעראָם !

---

# קעסטעלאַך.

שפּילן מיר אין קעסטעלאַך, אין קעסטעלאַך,
גייט אַרויס אַ האָן, אַ האָן.

האָן, האָן, וואָס גיסטו דערצו ?
וואָס גיסטו דערצו ?
— איך גיב אַ קריי, אַ קריי !
דער האָן זיין קריי, דער האָן זיין קריי —
שפּילן מיר ווייטער אַזוי.

שפּילן מיר אין קעסטעלאַך, אין
קעסטעלאַך.

גייט אַרויס אַ הון, אַ הון.
הון, הון, וואָס גיסטו דערצו ?
וואָס גיסטו דערצו ?

— איך גיב אַן איי, אַן איי!
די הון איר איי,
דער האָן זײַן קריי —
שפּילן מיר ווײַטער אַזוי.

שפּילן מיר אין קעסטעלאַך, אין קעסטעלאַך,
גייט אַרוים אַ גאַנז, אַ גאַנז.



גאַנז, גאַנז, וואָס גיסטו דערצו?
וואָס גיסטו דערצו?
— איך גיב אַ גאַ־גאַ־גאַ!

גאַנז גאַ־גאַ־גאַ,
די הון איר איי,
דער האָן זײַן קריי,
דער האָן זײַן קריי —
שפּילן מיר ווײַטער אַזוי.

שפּילן מיר אין קעסטעלאַך, אין קעסטעלאַך,
גייט אַרוים אַן אינדיק, אַן אינדיק.



אינדיק, אינדיק, וואָס גיסטו דערצו?
וואָס גיסטו דערצו?
— איך גיב אַ האָלדער־באָלדער!
אינדיק האָלדער־באָלדער,
גאַנז גאַ־גאַ־גאַ,
די הון איר איי,
דער האָן זײַן קריי —
שפּילן מיר ווײַטער אַזוי.



# דער האָן דער קרייער.

עס איז געווען אַן אַלטער מאַן,
האָט ער געהאַט אַ האָן אַ קרייער.
דער האָן פלעגט קרייען אין דער פרי
און אויפוועקן דעם אַלטן מאַן.



קומט אַמאָל אַ שלעכטע קאַץ
און עסט דעם האָן דעם קרייער אויף,
וואָס האָט געקרייעט אין דער פרי
און אויפגעוועקט דעם אַלטן מאַן.



קומט דערנאָך אַ כיטרער פוקס
און צעבייסט די בייזע קאַץ,
וואָס האָט דעם קרייער אויפגעגעסן,
וואָס האָט געקרייעט אין דער פרי
און אויפגעוועקט דעם אַלטן מאַן.



קומט אַ וואָלף אַ בייזער אַן
און דערשטיקט דעם כיטרען פוקס,
וואָס האָט די שלעכטע קאַץ
צעביסן,
וואָס האָט דעם קרייער אויפגעגעסן,
וואָס האָט געקרייעט אין דער פרי
און אויפגעוועקט דעם אַלטן מאַן.



קומט אַ לײב אַ שטאַרקער אָן
און צערײַסט דעם בײזן װאָלף,
װאָס האָט דעם כיטרען פוקס
דערשטיקט,
װאָס האָט די שלעכטע קאַץ
צעביסן,
װאָס האָט דעם קרײער אױפגעגעסן,
װאָס האָט געקרײעט אין דער פרי
און אױפגעװעקט דעם אַלטן מאַן.

לױפט דער לײב פאַרבײַ אַ טײַך,
פאַלט אַרײַן אין שנעלן טײַך;
דערטרינקט דער טײַך דעם
שטאַרקן לײב.
װאָס האָט דעם בײזן װאָלף צעריסן,
װאָס האָט דעם כיטרען פוקס
דערשטיקט,
װאָס האָט די שלעכטע קאַץ
צעביסן,
װאָס האָט דעם קרײער אױפגעגעסן,
װאָס האָט געקרײעט אין דער פרי
און אױפגעװעקט דעם אַלטן מאַן.



# דאָס ברויט.

— מאַמע, גיב מיר אַ שטיקל ברויט.

— גיי צום בעקער, וועט ער דיר אויסבאַקן אַ ברויט.



— טייערער בעקער, באַקט מיר אויס אַ ברויט.

— גיי, מיין קינד, צום מילנער, וועט ער דיר געבן מעל, וועל איך דיר אויסבאַקן אַ ברויט.

— מילנער טייערער! גיב מיר אַ ביסל מעל!

— גיי, מיין זון, צום פּאַרמער, וועט ער דיר געבן ווייץ, וועל איך זיי אָפּמאָלן און וועל דיר געבן מעל.

— ליבער פּאַרמער! גיב מיר אַ ביסל ווייץ!

— גיי, מיין טייערער, אין פעלד, געפין דאָרטן זאַנגען און ברענג אַהער צו מיר. וועל איך זיי אויסדרעשן און געבן דיר ווייץ.

איז דאָס קינד געגאַנגען אין פעלד. האָט ער דאָרטן געפונען זאַנגען. האָט ער זיי געבראַכט צום פּאַרמער. האָט דער פּאַרמער זיי אויסגעדראָשן און געגעבן אים אַ ביסל ווייץ.

האָט ער גענומען די ווייץ און געבראַכט דעם מילנער. האָט דער מילנער זיי אָפּגעמאָלן און געגעבן אים אַ ביסל מעל.

האָט ער גענומען דאָס מעל און געבראַכט צום בע־
קער. האָט דער בעקער פאַרקנאָטן דאָס מעל און פון
דעם טייג אויסגעבאַקט אַ ברויט, און עס געגעבן דעם
קינד.

האָט דאָס קינד גענומען דאָס ברויט, באַדאַנקט
דעם בעקער און איז אַוועק צו זײַן מאַמען.

---

# די קאַץ און די מויז.



אַמאָל האָט אַ
קאַץ אָפּגעהיט אַ
מויז.

זי האָט אַ
שפּרונג געטאָן און

— אָפּגעריסן בײַ דער מויז דעם עק.

האָט זיך די מויז געשטעלט אין אַ ווינקעלע און
געבעטן:

— קאַץ, קאַץ, גוטע קאַץ! גיב מיר צוריק מײַן עק!

האָט די קאַץ געזאָגט:

— גיי צו דער קו און בעט בײַ איר מילך פאַר מיר
און ברענג מיר. וועל איך עסן פון די מילך און וועל דיר
אָפּגעבן דעם עק.



איז די מויז געגאַנגען צו דער קו און געבעטן בײַ איר מילך.

האָט די קו ניט געוואָלט געבן איר מילך, ביז די מויז וועט איר ברענגען הײ.

און הײ איז בײַם פאַרמער. און דער פאַרמער האָט ניט געוואָלט געבן קיין הײ, ביז די מויז וועט אים ניט ברענגען קיין ברויט.



און ברויט איז בײַם בעקער.

איז די מויז אַוועק צום בע־קער און געזאָגט:

— טײַערער בעקער! זע, גיב מיר ברויט, וועל איך געבן דאָס ברויט דעם פאַרמער, וועט ער מיר געבן הײ. וועל איך געבן דאָס הײ דער קו, וועט זי מיר געבן איר מילך. וועל איך געבן די מילך דער קאַץ, וועט זי מיר אָפּגעבן צוריק מײַן עק.



דער בעקער איז געווען אַ גוט־טער. האָט ער געגעבן דער מויז פון זײַן ברויט.

איז די מויז געלאָפן און גע־געבן דעם פאַרמער דאָס ברויט.

האָט דער פּאַרמער געגעבן דער מויז אַ בינטל היי.
איז די מויז געלאָפן און געגעבן דער קו דאָס היי.
האָט די קו געגעבן דער מויז פון איר מילך.
איז די מויז געלאָפן און געגעבן דער קאַץ די מילך.
האָט די קאַץ גענומען די מילך און אָפּגעגעבן דער מויז איר עק.
האָט די מויז גענומען איר עק, צוגעריכט אים צוריק און איז אַוועק מיט פרייד אין איר לאָך.

---

## דער אָקס און דער הונט.



אַן אָקס איז אַריין אין אַ שטאַל,
אין שטאַל איז געווען אַ היי־קאַסטן.
דער היי־קאַסטן איז געווען פול מיט היי.
דער אָקס איז געווען מיד:

ער האָט געאַרבעט דעם גאַנצן טאָג.
דער אָקס איז געווען הונגעריק:
ער האָט דעם גאַנצן טאָג ניט געגעסן.
איצט האָט דער אָקס געוואָלט אָפּעסן,
און דערנאָך — האָט ער געטראַכט —
וועט ער זיך לייגן און אָפּרוען און וועט איבערקייען,
וואָס ער האָט געגעסן.

גייט צו דער אָקס צום היי־קאַסטן.
דערזעט ער — אַ הונט ליגט אין היי־קאַסטן,
דער אָקס וויל נעמען עסן דאָס היי,
שטעלט זיך דער הונט אויף
און ער עפנט זיין מויל,
און ער שטעלט אויס זיינע ציינער,
און ער נעמט הויך, הויך בילן.
און ער לאָזט ניט דעם אָקס עסן דאָס היי.
זאָגט דער אָקס: „וואָס לאָזסטו מיך ניט עסן?“
איך בין זייער הונגעריק, איך האָב דעם גאַנצן טאָג געאַרבעט;
און אויף וואָס דאַרפסטו דאָס היי?
דו קענסט דען עסן היי?
דו ליגסט אויף דעם היי,
אַליין עסטו ניט און אַנדערע לאָזסטו ניט.
גיי, גיי, הונט, דו ביסט אַ שלעכטער!“

# די קו און דאָס אינגעלע.



אַמאָל איז געווען אַ קו,
אַ גרויסע ווײַסע קו.
איר באַלעבאָס איז געווען אַ שלעכטער,
זײַער אַ שלעכטער;
ער פלעגט איר ניט געבן גענוג עסן:
ער פלעגט איר ניט געבן גענוג הײַ,
ער פלעגט איר ניט געבן גענוג שטרוי,
ער פלעגט איר ניט געבן קײַן וואַרימן טרונק.
איז די קו אַנטלאָפן פון איר באַלעבאָס.
זי איז אַרויס פון שטאַל אויפ'ן הויף,
און פון הויף איז זי אַרויס אין פעלד.
אין פעלד האָט די קו דערזען אַ שטויג מיט הײַ,
אַ הויכן שטויג מיט הײַ.

„זייער פײַן,“ — האָט די קו געזאָגט, —
„דאָס איז פאַר מיר, געווים פאַר מיר;
איך וועל דאָס עסן, עסן צו זאַט,
און אַז איך וועל זאַט ווערן,
וועל איך זיך אַוועקלייגן און קײַען,
איבערקײַען, וואָס איך האָב געגעסן.“
און די קו איז צו צום שטויג.
אויף דעם שטויג מיט היי איז געלעגן אַן אינגעלע,
אַ קליין שיין אינגעלע,
געלעגן און געשלאָפן,
געשמאַק געשלאָפן.
האָט די קו דערזען דאָס אינגעלע.
זי האָט זיך אײַנגעקוקט אין דעם אינגעלע,
און זי האָט אים דערקענט.
דאָס איז געווען דאָס אינגעלע פון איר באַלעבאָס.
„מ־הו! — האָט געזאָגט די קו. —
דאָס איז דאָך מײַן באַלעבאָס אינגעלע.
ער איז אַ גוט אינגעלע,
און ער שלאָפט געשמאַק,
איך וועל אים ניט וועקן,
איך וועל אַוועק פון שטויג,
איך וועל מיר גיין צו די קאָרנפעלדער,
און איך וועל דאָרטן עסן,
זיך אָנעסן צו זאַט.

און אַז איך וועל זאַט ווערן,
וועל איך זיך אַוועקלייגן און קײַען,
איבערקײַען, וואָס איך האָב געגעסן.
זײַ געזונט, אינגעלע! שלאָף געזונטערהייט!"
און די קו איז אַוועק פון שטויג,
אַוועק צו די קאָרנפעלדער,
וואו זי האָט זיך אָנגעגעסן צו זאַט.

---

# מײַן קיעלע.

אוי, ווי ליב מײַן רויטע קיעלע איז מיר!
איך האָב אָנגעריסן גרעזעלאַך פאַר איר:
עס זיך אָן צו זאַט, אוי, קיעלע דו פײַן!
זאָל דיר וואויל באַקומען, רויטינקע דו מײַן!

אוי, ווי ליב מײַן רויטע קיעלע איז מיר!
כ'האָב אַ צעבער קלײַען אויך פאַרמישט פאַר איר,
האָבן זאָל מײַן קיעלע איר עסן צו גענוג,
געבן זאָל מײַן רויטינקע מיר מילך אַ פולן קרוג.



# אַ אינגעלע און אַ פֿייגעלע.

אַמאָל איז געווען אַ אינגעלע,
איז ער געווען אַ שטיפערל,
אַ שטיפערל, אַ שטיפערל.

האָט ער געכאַפּט אַ פֿייגעלע,
איז זי געווען אַ זינגערקע,
אַ זינגערקע, אַ זינגערקע.

האָט ער געקויפֿט אַ שטייגעלע,
אַוועקגעזעצט דאָס פֿייגעלע,
דאָס פֿייגעלע, דאָס פֿייגעלע.

האָט ער געזאָגט צום פֿייגעלע:
„דו זינג מיר אַ שיין לידעלע,
אַ לידעלע, אַ לידעלע“.

האָט אים געזאָגט דאָס פֿייגעלע:
„איך זינג נאָר שיינע לידעלאַך
אין גרינעם שיינעם וועלדעלע“.





# דאָס טײַכל און דאָס פֿײגעלע.

עס לויפֿט אַ טײַכל, דאָס וואַסער שפּילט.
בײַם טײַכל שטײט אַ בוים.
און אויף דעם בוים, אויף אַ צווײַג,
צווישן גרינע בלעטער,
איז פֿאַראַן אַ נעסט.
אין נעסט זיצט אַ פֿײגעלע.
פֿרעגט דער טײַך: „פֿײגעלע קלײנס!
זאָג מיר, וואָס זיצסטו אַזוי לאַנג
אין דײַן נעסט?“
זאָגט דאָס פֿײגעלע: „איך האָב פֿינף אײעלאַך,
פֿינף קלײנע ווײַסע אײעלאַך,
אין מײַן נעסט.
איך דאַרף זײ האַלטן וואַרעם.

אין די אײַעלאַך זײַנען קלײנע פֿײגעלאַך,
קלײנע פֿײגעלאַך באַהאַלטן.
איך וואַרעם זײ מיט מײַן ברוסט.
איך וואַרעם זײ מיט מײַנע פֿעדערלאַך.
באַלד װעלן פֿון די אײַעלאַך
אַרױס פֿינף קלײנע פֿײגעלאַך.
און איך װעל זײ עסן געבן,
און איך װעל זײ האָדעװען.
זינג טײַבעלע, זינג טײַערע,
זינג צוליב די פֿינף קלײנע פֿײגעלאַך,
װאָס װעלן באַלד אַרױס פֿון די אײַעלאַך״
פֿרעגט דער טײַך: „און דו, מײַן בױם,
װאָס װאַקסן אַזױ שנעל
די בלעטער דײַנע, די גרינע בלעטער?״
ענטפֿערט אים דער בױם:
„די בלעטער, די גרינע בלעטער מײַנע,
װאַקסן שנעל, װאַקסן גיך,
די נעסט צו באַהאַלטן,
די נעסט צו פֿאַרדעקן.
עס זאָל די קאַץ, די אַלטע שלעכטע קאַץ,
ניט געפֿינען און ניט אױפֿעסן
דאָס פֿײגעלע, די מאַמען,
און די קלײנינקע פֿײגעלאַך,
װאָס װעלן באַלד אַרױס פֿון די אײַעלאַך״.

# דער פוקס און דער באָק.



עס איז געווען אַ פוקס.
איז דער פוקס געווען הונגעריק.
איז ער געגאַנגען זוכן עסן.
איז ער געקומען צו אַ ברונעם.

ער איז אַרויפגעשפרונגען אויף אַ וויִנקעל פון ברונעם:
ער האָט געוואָלט זען, וואָס אין ברונעם איז.

האָט ער זיך · אויסגעגליטשט און ער איז אַרײַנגע־פאַלן אין ברונעם.

זעט דער פוקס — עס איז שלעכט:
דער ברונעם איז טיף, און ער קען ניט אַרויס.
ער שפּרינגט און ער שפּרינגט — און ער קען ניט אַרויס.

גייט פאַרבײַ אַ באָק.
אַן אַלטער, אַלטער באָק.

ער גייט און קײַט און טרײַסלט מיט זײַן באָרד.

הערט דער באָק, אײַנער איז אין ברונעם.



שטעלט ער זיך אויף זײַנע הינ־טערשטע פיס און קוקט אַרײַן אין ברונעם.

זעט ער דאָרטן דעם פוקס.

פרעגט דער באָק: „וואָס טוסטו דאָרט, פיקסל?“

— „איך טרינק דאָ דאָס טײַערע זיסע וואַסער.
קום אַראָפּ, וועסטו אויך טרינקען.“

און דער באָק איז געווען דאָרשטיק.
איז ער אַרײַנגעשפּרונגען אין וואַסער.
איז דער פוקס אַרויפגעשפּרונגען צום באָק אויף דעם רוקן.

און פון רוקן איז ער אַרויפגעשפּרונגען אויף זײַנע הערנער, און ער איז אַרויסגעשפּרונגען פון ברונעם.

און ער האָט געלאַכט און האָט געזאָגט:
„אַ גוטן טאָג, גוטער באָק!
דו ביסט אַ נאַר און איך בין אַ קלוגער;
ביסטו אַרײַן, און איך בין אַרויס.
ווײַטער זאָלסטו ניט גלייבן אין אַלץ,
וואָס יעדער אײַנער זאָגט דיר.
פריער געפין אויס, צו עס איז ריכטיק.“



# די אַלטע פרוי און די מויז.

אַמאָל איז געווען אַן אַלטע פרוי,
האָט זי געוואוינט אין אַן אַלט הויז.
אין הויז איז געווען אַן אַלמער אַן אַלטער,
אין אַלמער באַהאַלטן אַ מויז.
איינמאָל, ביינאַכט, ליגט די אַלטע און שלאָפט
הערט מיט אַמאָל זי — אַ סקרוך און אַ ריס.
שפּרינגט גלייך די אַלטע אַראָפּ פון איר בעט,
כאַפּט אירע שטעק־שיך אַרויף אויף די פיס,
דרייט אין דעם לעמפּל דאָס פייער אַרויס,
בייגט זיך אַרונטער און קוקט אונטער טיש.
ניטאָ דאָרטן קיינער. גייט זי צום
שטול,
בייגט זיך אַרונטער און קוקט אונ־
טער שטול.
ניטאָ דאָרטן קיינער. גייט זי צום
בעט.
בייגט זיך אַרונטער און קוקט אונ־
טער בעט.
ניטאָ דאָרטן קיינער. גייט זי צום



אַלמער, עפנט דאָס טירל פון אַלמער און — בררר!...
אַ מויז שפּרינגט פון דאָרטן אַ גרויסע אַרויס.



**אַ שפּרונג — און זי איז אונטער**
שטול. און פון דאָרטן אַ לאָף — און
זי איז אונטער טיש. און פון דאָרטן
אַ טאַנץ — און זי איז אונטער בעט.

און עס האָט באַהאַלטן זיך דאָרט
אין אַ ווינקל די מויז.

דערשראָקן האָט שטאַרק זיך די
אַלט־אַלטע פרוי.

די הענט אירע טרייסלען זיך, עס קלאַפּן די ציין.
זי זעצט זיך אַוועק אויף אַ האַרט־האַרטן שטול.
זי שפּאַרט אָן דעם קאָפּ אויף די הענט. זי וויל שלאָפן.
זי וויל אָבער מער זיך ניט לייגן אין בעט.
אַזוי איז די אַלטע, — דערשראָקן צום טויט
דורך אַ מויז, דורך אַ נאַרישער מויז, —
ניט געשלאָפן שוין מערער די גאַנצענע נאַכט.

---

# אַ הייזל אויף ווינטער.

**עס איז אַוועק דער זומער, — עס איז געוואָרן קאַלט.**
די שעפּס האָט אין איר וואַרימן מאַנטל אויך דער־
פילט די קעלט.



גייט זי, די שעפּס, אין וואַלד: זי וויל
זיך דאָרטן אויפבויען אַ הייזל.
גייט זי און גייט און באַגעגנט אַ גאַנז.

— וואוהין גייסטו, שעפס? — פרעגט די גאַנז.



— איך גיי אין וואַלד זיך בויען אַ הויז.

— נעם מיך מיט, וועל איך דיר העלפן.

— מיט וואָס קענסטו העלפן? — פרעגט די שעפּס.

— וואָס קענסטו טאָן?

— איך קען אָנקלייבן מאָך און אָנשטאָפּן עס מיט מיין שנאָבל אין די לעכער צווישן די קלעצער.

— גוט, קום מיט מיר.

גייען זיי ביידע — די שעפּס און די גאַנז.

גייען זיי און גייען און באַגעגענען אַ האָז.

— וואוהין גייט איר? — פרעגט דער האָז.



— מיר גייען אין וואַלד זיך בויען אַ הויז.

— נעמט מיך מיט, איך וועל אייך העלפן.

— מיט וואָס קענסטו העלפן? — פרעגן די שעפּס און די גאַנז. — וואָס קענסטו טאָן?

— איך קען אָפּנאָגן פּלעקער און אונטערשפּאַרן דאָס הייזל.

— זייער גוט, קום מיט אונז.

גייען זיי זאַלבעדריט: די שעפּס, די גאַנז און דער האָז.



גייען זיי און גייען און באַגעגענען אַ האָן.

— וואוהין גייט איר? — פרעגט דער האָן.

— מיר גייען אין וואַלד זיך בויען אַ הויז.

— נעמט מיך מיט, — זאָגט דער האָן, — איך וועל אייך העלפן.

— מיט וואָס קענסטו העלפן? וואָס קענסטו טאָן?

— איך קען קרייען אין דער פרי און אויפוועקן אייך אין צייט.

— זייער גוט. קום מיט אונז.

זיינען זיי אַלע געגאַנגען און געקומען אין וואַלד. זיי האָבן זיך אויסגעזוכט אַ גוטן פּלאַץ און גענומען בויען אַ הויז.

די שעפּס האָט געבראַכט צו שלעפּן קלעצער און צוזאַמענגעלייגט דאָס הייזל.

די גאַנז האָט אָנגעריסן מאָך און מיט איר שנאָבל אָנגעשטאָפּט די מאָך אין די לעכער צווישן די קלעצער, עס זאָל ניט אַריינבלאָזן קיין ווינט.

דער האָז האָט אויסגעזוכט פּלעקער, אָפּגענאָגט זיי, געמאַכט שאַרף און אונטערגעשפּאַרט דאָס הייזל, דער ווינט זאָל עס ניט איינוואַרפן.

און דער האָן האָט געקרייעט און געוויזן די צייט נאָך בעסער פון אַ זייגער.

אַזוי האָבן זיי אַלע דורכגעלעבט דעם ווינטער און וואַרימקייט.

זיי פלעגן אָפט כאַפּן א שמועס צווישן זיך און דער־ציילן איינער דעם אַנדערן וועגן זייער לעבן זומערצייט. זיי האָבן געוואַרט, ביז די זון וועט אָנהייבן שטאַרקער צו וואַרימען.

און אַז די זון האָט אָנגעהויבן שטאַרקער צו וואַרי־מען, האָבן זיי פאַרלאָזט דאָס הייזל און זיינען אַוועק אין דער פרייער וועלט אַריין.

---

## דער פעטער שנייער.

גלעקלאַך קלינגען : גלין־גלין־גלאָן
פון די ווייסע ווייטן.
עמיץ קומט אַ ווייסער אָן
אויף אַ גרויסן שליטן.

קליפּ־קלאַפּ ! קליפּ־קלאַפּ ! — באַלעבאָס,
עפן אויף דעם טויער !
קליפּ־קלאַפּ ! קליפּ־קלאַפּ ! —„ווער איז דאָס ?“
— איך, דער פעטער שנייער...

— „נו, טאָ גיי געזונטערהייט !
קומט די מענשן וועקן“...

אין דער נאָרע אויף דער קײַט
נעמט דער הונט זיך װעקן;

אויפ'ן בוידעם קרײַט דער האָן.
— הײַדאַ, פּעטער שנײַער!
גלעקלאַך קלינגען: גלין־גלין־גלאָן —
אין די װײַסע װײַטן.

   

# די שלעכטע קאַץ.



געבראַכט האָט פּאַ אַ פישעלע,
אַ גאָלדנס און אַ שײַנס;
איך האַלט עס אין אַ שיסעלע,
אַ שיסעלע אַ רײַנס.



געקויפט האָט מאַ אַ פײַגעלע,
אַ פײַגעלע װאָס זינגט;
איך האַלט עס אין אַ שטײַגעלע,
ער צװיטשערט, טאַנצט און שפּרינגט.

דאָס פישעלע אין שיסעלע —
עס שװימט זיך שטיל אַרום;

איך בעט עס: „זינג אַ ביסעלע!“
עס שווימט זיך ווײַטער שטום.

איך נעם זיך צו מײַן פֿײגעלע:
— „אין שיסל שווימען גײ!“
עס פֿינטלט מיט אַן אײגעלע,
און צאַפּלט זיך אַזוי.



כ׳בלײַב זיצן בײזערהײט אַלײן,
עס ווערט מיר אַזוי טריב;
צו מיר שפּרינגט צו דאָס קעצל קלײן,
און מורקעט אַזוי ליב.

איך גלעט עס צאַרט און גלעט, און גלעט,
און דרימל אַזוי אײַן;
מיר דוכט — צו מיר קײַן אײנער ווערט
ווי קעצל צערטלאַך זײַן.

כ׳שטײ אויף, רײַב אויס אַן אײגעלע,
זע: קעצלס מויל איז רויט;
מײַן פֿישעלע, מײַן פֿײגעלע —
זײ זײַנען בײדע טויט...



# די קאַץ און דער פוקס.

אַמאָל האָט אַ קאַץ געשפּאַצירט אין וואַלד. אונ־טער אַ גרינעם בוים האָט זי באַגעגנט אַ פוקס.

— גוט מאָרגן, טײַערער פוקס! — האָט זיך די קאַץ צו אים געווענדט. — איך בין אַזוי צופרידן, וואָס איך האָב דיך באַגעגנט. וואָס מאַכסטו עפּעס?

דער פוקס איז געווען אַ גרויסהאַלטער. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף דער קאַץ, האָט איר אָבער גאָרנישט ניט געענטפערט. ערשט שפּעטער האָט ער איר אַזוי געזאָגט:

— אומגליקלאַך באַשעפעניש וואָס דו ביסט! ווי וואַגסטו צו רעדן מיט אײַנעם, וואָס איז פיל, פיל קליגער אײדער דו? וואָס ווײסטו דען אַזוינס, וואָס האָט עפּעס אַ ווערט?

— איך ווײס טאַקע ניט פיל, — האָט די קאַץ גע־זאָגט, — איך קען נאָר אײַן קונץ.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ קונץ? — האָט דער פוקס געפרעגט.

— איך קלעטער אַרויף אויף אַ בוים, ווען הינט יאָגן זיך נאָך מיר. דאָס איז מײַן קונץ.

— דאָס אַלץ? — האָט דער פוקס געלאַכט. — איך קען הונדערט קונצן בעסערע ווי דער. קום מיט מיר, וועל איך דיר באַווײַזן, ווי אַזוי מען באַפרײַט זיך פון הינט.



איז די קאַץ געגאַנגען מיט דעם פוקס ווייט אין וואַלד אַריין.

פּלוצלונג איז אָנגעקומען אַ יעגער. ער האָט מיט זיך געהאַט פיר שנעל־לויפנדיקע הינט.

די קאַץ איז גלייך צוגעלאָפן צו אַ בוים און האָט אַרויפגעקלעטערט גאַנץ הויך. די געדיכטע גרינע בלעטער האָבן זי אינגאַנצן פאַרשטעלט.

— און איצט, פריינד פוקס, — האָט די קאַץ אויסגערופן, — באַווייז איינעם פון דיינע קונצן.

אָבער דער פוקס האָט ניט געוואוסט, וואָס צו טאָן. ער איז אומגעלאָפן הין און הער, ביז די הינט האָבן אים אָנגעיאָגט.

ווען דער פוקס האָט דערפילט אויף זיך די שאַרפע ציין פון די הינט, האָט ער אויסגערופן: „אָ, ווען איך וואָלט געוואוסט בלויז איין זאַך, אָבער גוט, וואָלט איך דאָך איצט ניט פאַרלאָרן מיין לעבן!“

# דער פוקס און די ווײַנטרויבן.



אַ פיקסל גייט פאַרביי אַ ווייַנגאָרטן,
און טרויבן זעט ער וואַקסן דאָרטן...
אים ווילט זיך זייער געניסן
פון דעם געשמאַקן ביסן:
ער האָט אַן אַפּעטיט אַ שטאַרקן;
נאָר ס׳איז צו הויך דער פּאַרקן.
ער קוקט אַהין, אַהער —
אַרײַנקריכן איז זייער שווער...
„עט, — זאָגט ער, — כ׳מיין,
די טרויבן זײַנען נאָר פון ווײַטן שיין.
עס קאָן זיי גאָר ניט עסן קיינער,
ווײַל הײַליק מאַכן זיי די ציינער“.

# דאָס קעצל און דער הונט.

איך האָב געהאַט אַ קעצל אַ שײנס, שוואַרץ און ווײַס.

איך האָב אויך געהאַט אַ הונט, אַ גרויסן הונט. ער איז געווען אַזוי גרויס, אַז איך האָב געקענט פאָרן רײַטנ־דיק אויף אים. איך האָב אים אַ נאָמען געגעבן „העלד“.

מיר האָבן געוואוינט אויפ׳ן ברעג פון אַ טײַכל. בײַם טײַכל האָבן געוואַקסן בײמער.

אײנמאָל האָט מײַן קעצל אַרויפגעקלעטערט אויף אַ בוים בײַם ברעג טײַך און איז פון דאָרטן אַראָפּגעפאַלן אין וואַסער אַרײַן.

איך האָב ניט געוואוסט, וואָס צו טאָן, ווי צו העלפן דער קאַץ. איך בין געווען זיכער, אַז זי וועט זיך דערטרינ־קען.

איך בין געשטאַנען בײַם טײַך און האָב געװײנט.

פּלוצלונג איז געקומען צולויפן העלד.

ווי נאָר ער האָט דערזען די קאַץ אין טײַכל, איז ער אַרײַנגעשפרונגען אין וואַסער און מיט די צײנער אַרויס־געשלעפּט די קאַץ.

אָ, ווי קאָמיש זי האָט דעמאָלט אויסגעזען, די קאַץ, מיט אירע נאַסע צעפּאַטלטע האָר!

איך האָב זי אַ רוף געטאָן, אָבער זי האָט ניט גע־וואָלט גײן. זי איז אַנטלאָפן אין הויז אַרײַן.

אַ ביסל שפּעטער בין איך אַריין אין הויז — אַ קוק טאָן, וואָס זי מאַכט.

וואָס, דענקט איר, האָב איך דערזען?

העלד איז געלעגן אויפ'ן דיל און געשלאָפן.

און בײַ אים אויפ'ן רוקן איז געלעגן דאָס קעצל און האָט אויך רואיק געשלאָפן.



# דער וואָלף, דאָס פערד און דער באַראַן.

1

דער וואָלף איז געוואָרן הונגעריק, איז ער אַוועק צו אַ פערד און אים געזאָגט:

— הער אויס, פערד! איך בין הונגעריק און איך וויל דיך אויפעסן.

— זייער גוט, — האָט דאָס פערד געענטפערט, — אָבער איך האָב פאַרשטאָכן אַ פוס מיט אַ לאַנגן טשוואָק. און וועסטו מיך אויפעסן מיט'ן טשוואָק, וועסטו זיך דער־ווערגן. נעם דערפאַר פריער אַרויס דעם טשוואָק פון פוס, דערנאָך וועסטו מיך אויפעסן.

— גוט. — האָט דער וואָלף אײַנגעשטימט.

האָט דאָס פערד אויפגעהויבן זײַן הינטערשטן פוס, און ווען דער וואָלף איז צוגעגאַנגען נאָענט אַרויסשלעפּן דעם טשוואָק, האָט דאָס פערד אים אַזאַ קלאַפּ געגעבן מיט זײַנע הינטערשטע פיס אין קאָפּ אַרײַן, אַז דער וואָלף האָט זיך דרײַ מאָל איבערגעדרײט. און דאָס פערד איז אַנטלאָפן.

2

גייט דער וואָלף ווײַטער און באַגעגנט אַ באַראַן.

— באַראַן, איך מוז דיך אויפעסן, איך בין הונגעריק.

— זייער גוט, עס מיך אויף, אויב דו ווילסט. — ענטפערט דער באַראַן. — נאָר עס זאָל דיר זײַן לײַכטער, וועל איך זיך שטעלן אויפ׳ן בערגל און וועל אַרײַנשפּרינגען גלײַך צו דיר אין מויל אַרײַן.

האָט זיך דער וואָלף געשטעלט אונטער׳ן בערגל און געעפנט זײַן מויל, דער באַראַן זאָל אים אַרײַנפאַלן גלײַך אין מויל אַרײַן. און דער באַראַן איז אַרויף אויפ׳ן בערגל און האָט זיך מיט זײַן גאַנצער קראַפט געלאָזט לויפן צום וואָלף.

און ער האָט מיט זײַנע הערנער אַזאַ שטאַרקן קלאַפּ געגעבן דעם וואָלף אין קאָפּ אַרײַן, אַז דער וואָלף האָט זיך איבערגעדרייט.

און ווען דער וואָלף איז צו זיך געקומען און זיך אַרומגעקוקט, האָט ער שוין מער דעם באַראַן ניט געזען.

# די צוויי שעפּסן.

אַמאָל האָבן צוויי שעפּסן געוואוינט אין איין שטאַל. אָבער זיי האָבן שטאַרק פֿיינט געהאַט איינע די אַנדערע.

יעדע איינע פֿון די שעפּסן האָט זיך געהאַלטן פֿאַר בעסער פֿון דער אַנדערער.

יעדע איינע פֿון זיי האָט געדענקט, אַז זי איז שענער און גרעסער און האָט מער וואָל פֿון דער אַנדערער.



איינמאָל איז געקומען אַ וואָלף און האָט געוואָלט אויפֿעסן איינע פֿון די שעפּסן.

„העלף מיר פֿאַרטרייבן דעם וואָלף!“ — האָט די שעפּס געבעטן די אַנדערע. — אַליין איז מיר אוממעג-לאַך אים בייצוקומען. אָבער ווען דו העלפֿסט מיר, וועלן מיר זיין אין צווייען און מיר וועלן אים קענען פֿאַרטרייבן.“

— „וואָס אַרט מיך פֿאַר דיך? — האָט די אַנדער

שעפּס זיך אויסגעלאַכט. — פון מײַנטוועגן זאָל ער דיך אויפעסן.

דער וואָלף איז צוגעקומען און האָט די שעפּס טאַקע אויפגעגעסן.

אָבער אויף מאָרגן איז דער וואָלף ווידער געקומען און האָט זיך גענומען פאַר דער צווייטער שעפּס.

די שעפּס האָט דערזען, אַז איר ענדע איז נאָענט, האָט זי געוויינט און געטראַכט:

„יענע שעפּס איז געווען גערעכט. ווען איך וואָלט איר נעכטן געהאָלפן פאַרטרײַבן דעם וואָלף, וואָלט איך הײַנט אויך געבליבן לעבן. און אַזוי קומט איצט מײַן טויט.“

---

# צוויי פרײַנד.

צוויי פרײַנד זײַנען געגאַנגען צוזאַמען אין וועג. פּלוצלונג האָבן זיי באַגעגנט אַ בער.

איינער פון זיי האָט גלײַך פאַרגעסן אָן זײַן פרײַנד, איז צוגעלאָפן צו אַ הויכן בוים, וואָס איז געשטאַנען ניט ווײַט פון וועג, און האָט אויף אים אַרויפגעקלעטערט.

דער צווייטער האָט געזען, אַז ער איז געבליבן איינער אַליין און אַז ער קאָן זיך ניט שטעלן אַליין אַנטקעגן אַ בער. האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן אויף דער ערד און זיך געמאַכט, ווי ער וואָלט געווען טויט. ווײַל ער

האָט אַמאָל געהערט זאָגנדיק, אַז אַ בער טשעפּעט קיינ־מאָל ניט קיין טויטן קערפּער.

דער בער איז צוגעגאַנגען צו אים און אָנגעהויבן אַרומשמעקן. ער האָט אַרומגעשמעקט זיין נאָז, זיינע אויערן, זיין ברוסט. אָבער דער מאַן איז געלעגן אומבאַ־וועגלאַך און האָט איינגעהאַלטן דעם אָטעם. דער בער



האָט געמיינט, אַז דער מאַן איז טויט, האָט ער אים ניט געטשעפּעט און איז אַוועק ווייטער.

ווען דער בער איז שוין געווען ווייט, ווייט אַוועק, איז דער צווייטער מאַן אַראָפּ פון בוים. ער איז צוגע־גאַנגען צו זיין פריינד און געזאָגט:

— איך האָב געזען, ווי דער בער האָט דיר עפּעס

געשעפּטשעט אויפ'ן אויער. קאָנסטו מיר ניט דערציילן, וואָס האָט ער דיר געזאָגט?

— יאָ, געוויס; — האָט יענער געענטפערט; — דאָס איז ניט קיין סעקרעט. ער האָט מיר געזאָגט, איך זאָל ווייטער ניט האָבן צו טאָן מיט מענשן, וואָס פאַר־לאָזן זייערע פריינד, ווען עס קומט אַ נויט.

---

# דער אַלטער לייב.

אַ לייב איז געוואָרן אַלט און שוואַך. ער האָט מער ניט געקאָנט לויפן און שפּרינגען. ער האָט געמוזט בלייבן ליגן אין זיין הייל. און ער איז געווען שטאַרק הונגעריק.

דערזעט ער, עס לויפט פאַרביי אַ העזעלע.

— גוט מאָרגן, הער האָז! — האָט זיך אָפּגערופן דער לייב. — דו זעסט, איך בין קראַנק. קום אַריין גע־וואָר ווערן מיך.

— אַ דאַנק דיר, הער לייב! — האָט דער האָז גע־זאָגט; און ער איז אַריין צום לייב אין הייל. אָבער ער איז פון דאָרטן שוין מער ניט אַרויס.

ליגט ווייטער דער לייב ביים אַריינגאַנג פון הייל. זעט ער — עס גייט פאַרביי אַ הונט.

— גוט מאָרגן, הער הונט! — שטעלט אים אָפּ דער לייב. — דו זעסט, איך בין קראַנק און שוואַך, און דו

גייסט גאָר ניט אַרײַן געוואָר ווערן מיך, זעז, וואָס איך מאַך ?

— אַ דאַנק דיר, הער לײַב ! — האָט דער הונט געזאָגט ; און ער איז אַרײַן צום לײַב אין הײַל. אָבער ער איז פון דאָרטן שוין מער ניט אַרױס.

און ווידער האָט דער לײַב זיך געלײגט בײַם אַרײַנגאַנג פון הײַל. זעט ער — עס גײט פאַרבײַ אַ פוקס.



— אַ גוט מאָרגן דיר, הער פוקס ! — האָט זיך צו אים דער לײַב געווענדט. — זעסט, איך בין קראַנק און שוואַך. טאָמער וואָלסטו אַרײַן צו מיר געוואָר ווערן מיך אַ ביסל.

— אָ, נײַן, אַ גרויסן דאַנק דיר פאַר דײַן אײַנלאַדונג, הער לײַב ! — האָט דער פוקס געענטפערט. — איך האָב געזען, ווי דער האָז און דער הונט זײַנען אַרײַן צו דיר אין הײַל, אָבער איך האָב ניט געזען, זײ זאָלן פון דאָרטן אַרױס.

# דער לייב און די מויז.

אַ לייב איז געשלאָפן.

אַ קליין מייזעלע איז דורכגעלאָפן איבער אים.

דער לייב האָט זיך אויפגעכאַפּט און געכאַפּט דאָס מייזעלע.

דאָס מייזעלע האָט זיך גענומען בעטן ביים לייב, ער זאָל זי אָפּלאָזן.



„ווערסטו מיך אָפּלאָזן, — האָט געזאָגט דאָס מייזעלע, — וועל איך דיר אויך אַמאָל צונויץ קומען. איך וועל דיר נאָך אַמאָל מיט עפּעס העלפן.“

דער לייב האָט זיך אויסגעלאַכט פון דעם קליינעם באַשעפעניש. נאָר ער האָט דאָך אָפּגעלאָזט דאָס מייזעלע.

אין אַ צייט אַרום איז דער לייב אַריינגעפאַלן אין אַ נעץ. ער האָט שרעקלאַך געברומט און געריסן זיך.

דאָס מײַזעלע האָט דערהערט דאָס ברומען פון לײב. איז זי געקומען צו לויפן.

זי האָט מיט אירע שאַרפע צײנדלאַך איבערגעביסן די שטריק פון נעץ און באַפרײַט דעם לײב.



דעמאָלט האָט דאָס מײַזעלע געזאָגט צום לײב:

— „זעסט — דו האָסט זיך אַמאָל אויסגעלאַכט פון מיר. דו האָסט ניט געגלויבט, אַז אַזאַ קלײן באַשעפעניש ווי איך זאָל דיר קענען העלפן.

„איצט זעסטו אָבער, אַז אַ קלײן מײַזל קען אַמאָל העלפן אַ גרױסן לײב".

# דער העלפאַנד און דער שנײַדער.

אין אַ שטעטל האָט געוואוינט אַ שנײַדער. ער האָט אַלעמאָל געאַרבעט בײַם פענסטער, וואָס איז אַרויסגע־גאַנגען צום גאַס.

זײַער אָפט פלעגט פאַרבײַ דעם פענסטער דורכגײן אַ העלפאַנד. דער שנײַדער פלעגט אים אַמאָל דערלאַנגען אַ שטיקל ברויט, אַמאָל אַ שטיקל צוקער, אַמאָל אַ קאַר־טאָפל. און די קלוגע באַשעפעניש



פלעגט יעדעס מאָל אויסשטרעקן איר לאַנגע נאָז און צו־נעמען דאָס געשאַנק.

אײַנמאָל איז דער שנײַדער געווען שלעכט גע־שטימט; צי ער איז געווען ניט געזונט, אָדער ער האָט הײַנט צופיל געאַרבעט — ווער ווײס אים?

ווען דער העלפאַנד איז דאָס מאָל צו אים צוגעגאַנ־גען און אויסגעשטרעקט זײַן נאָז, האָט אים דער שנײַדער אַ שטאָך געטאָן מיט זײַן נאָדל און אַוועקגעטריבן.

דער העלפאַנד איז אַוועקגעגאַנגען. נאָר אין אַ ביסל צײַט אַרום, ווען ער האָט זיך צוריקגעקערט אַהײם, האָט ער אויפ'ן וועג אַרײַנגעצויגן פון בלאָטע אַ פולע נאָז מיט וואַסער.

און ווען ער איז פאַרבײַגעגאַנגען דעם שנײַדער, האָט ער אים אָפּגעגאָסן פון אויבן ביז אַראָפּ:

„אָט האָסטו דיר פאַר'ן שטאָך!"

# די מאַלפּע און די ברילן.

אַ מאַלפּע איז געוואָרן אַלט. און אַז זי איז געוואָרן אַלט, זײַנען איר די אויגן געוואָרן שוואַך, און זי האָט אָנגעהויבן שלעכט צו זען.

אָבער די מאַלפּע האָט אויף דעם געלײגט ניט פֿיל אַכט. זי האָט געהערט פֿון מענשן, אַז אָט די קרענק קען מען זײער לײַכט אויסהײלן. מען דאַרף נאָר אָנטאָן ברילן.



איז די מאַלפּע געגאַנגען און זיך אײַנגעקויפֿט אַ גאַנצע טוץ ברילן. זי האָט אומגעדרײט די ברילן הין און הער אין אַלע זײַטן. זי האָט זײ אָנגעטאָן אויפֿ'ן שטערן, האָט זײ אָנגעמאָסטן אויפֿ'ן האַלז, האָט זײ אָנגעהאַנגען אויפֿ'ן עק. זי האָט זײ געשמעקט און געלעקט. אָבער די ברילן האָבן איר ניט געהאָלפֿן. זי האָט ניט אָנגעהויבן צו זען בעסער ווי פֿריער.

— צו אַלדי שוואַרצע יאָר! — האָט די מאַלפּע אויסגעשריען. — אַ נאַר איז דער, וואָס הערט זיך צו צו די אַלע מענשלאַכע רײד! פֿון הײַנט אָן און ווײַטער וועל

איך זיך מער ניט צוהערן צו דעם, וואָס מענשן דערציילן, ווייל אַלץ, וואָס זיי זאָגן, איז ליגן!

און זי האָט געכאַפּט דאָס גאַנצע בינטל ברילן און אַ טראַסק געגעבן אָן אַ שטיין און צעבראָכן זיי אויף ברעקלאַך.

# אַ בעראַטונג פון די מייז.

די מייז האָבן זייער פיל געליטן פון דער גרויזאַמער קאַץ. זי האָט שוין דערוואָרגן הונדערטער פון זיי, פאַר־וואונדעט טויזנטער. זיי האָבן איבער איר שוין לעבן ניט געקאָנט.

האָבן די מייז זיך איינמאָל פאַרזאַמלט און גענומען טראַכטן, ווי צו באַפרייען זיך פון זייער אייביקן פיינט, פון דער קאַץ. יעדע איינע פון די מייז האָט אַרויסגעזאָגט איר מיינונג.



נאָך פיל רעדן, האָבן זיי אויס־געפונען אַ גוט מיטל: די קליגסטע פון די מייז האָט זיי געראָטן, מען זאָל אויפהענגען דער קאַץ אַ גלעקל אויפ'ן האַלז. דעמאָלט וועט מען הערן, ווען זי גייט, און די מייז וועלן באַצייטנס אַנטלויפן.

דער מיטל איז טאַקע געווען אַ גוטער; נאָר די מייז זיינען דאָך

ניט געהאָלפן געוואָרן, ווײַל צווישן אַלע מײַז האָט זיך ניט געפונען קײַן אײַנע, וואָס זאָל זײַן גענוג דרײַסט און נעמען אויף זיך דורכצופירען דעם פּלאַן. קײַן אײַנע פון די מײַז האָט ניט געוואָגט אָנצוהענגען דאָס גלעקל דער קאַץ אויפ'ן האַלז.

---

# דער האָז און די פרעש.

אין וואַלד האָט געלעבט אַ האָז.

ער איז געווען שוואַך און שרעקעדיק. ער האָט זיך געשראָקן פאַר די יעגער און פאַר די הינט, פאַר פיל רויב־פויגלען און פאַר אַנדערע באַשעפענישן.

און דעם האָז האָט זײַן לעבן דערעסן. ער האָט בײַ זיך געטראַכט:

„איך בין די אומגליקלאַכסטע באַשעפעניש אויף דער וועלט. איך בין שוואַכער פאַר אַלעמען.

„איך האָב ניט קײַן שאַרפע צײַן, קײַן שאַרפע נעגל, קײַן הערנער און קײַן קראַפט, מיט וואָס זיך צו באַשיצן, ווען מען פאַלט אויף מיר אָן.

„פאַר יעדן אײַנעם שרעק איך זיך, פאַר יעדן אײַנעם ציטער איך.

„וואָס טויג מיר אַזאַ לעבן ? אײַדער אַזאַ לעבן, איז שוין בעסער דער טויט !“

און דער האָז איז אַוועקגעלאָפן צום טײַך. ער האָט

געוואָלט אַרײַנשפּרינגען אין וואַסער און דערטרינקען זיך.

ווען דער האָז איז צוגעלאָפֿן צום טײַכל, זײַנען אויפֿ'ן ברעג געזעסן עטלעכע פֿרעש און געוואַרימט זיך אויף דער זון.

ווי נאָר די פֿרעש האָבן דערזען דעם האָז, האָבן זײ זיך דערשראָקן און זײַנען אײנער נאָכ'ן אַנדערן שנעל אַרײַנגעשפּרונגען אין וואַסער אַרײַן.

ווען דער האָז האָט דאָס דערזען, האָט ער זיך אָפּ־געשטעלט און אַ טראַכט געטאָן:

— הײַסט דאָס — איך בין נאָך ניט דאָס שוואַכסטע באַשעפעניש אויף דער וועלט. עס זײַנען פֿאַראַן באַשע־פענישן, וואָס זײַנען נאָך שוואַכער פֿון מיר און שרעקן זיך פֿאַר מיר. און דאָך לעבן זײ. אויב אַזוי, מעג איך נאָך אויך לעבן.

און דער האָז האָט זיך אויפֿגעהויבן און איז אַוועק־געשפּרונגען צוריק אין וואַלד אַרײַן אַ פֿרײלעכער און אַ צופֿרידענער.



# דער פרילינג.

מער נישט קיין שנייעלע,
פרעסטעלע, קעלט.
שטילינקע ווינטעלאַך
רוישן אין פעלד,
וועקן די גרעזעלאַך,
גלעטן די בלום;
סוידלען אין ביימעלאַך,
שטיפן אַרום.

— פי־פי־פי! פייגעלע,
פריי איז דיין פעלד.
— קוואַ, קוואַ, קוואַ! ענטעלע,
ס'טייכעלע קוועלט.
— זום, זום, זום! בינעלע,
ס'בלימלע בליט;
— מע, מע, מע! שעפעלע,
ס'פאַסטוכל היט.



# די נעסט.

מאָטל האָט באַמערקט אַ נעסט פון פייגעלאַך אויף אַ בוים. ער האָט געוואָלט צונעמען די יונגינקע פייגע־לאַך און גענומען קלעטערן אויפ׳ן בוים.

די מוטער־פויגל האָט פאַרשטאַנען, וואָס דער אינגל וויל דאָ טאָן, און זי האָט אים געוואָלט אָפּנאַרן. זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט פון איר נעסט, איז אַראָפּגעפאַלן אויף דער ערד און גענומען אומוואַרפן זיך און צווייטשערן אַזוי אומעטיק, ווי זי וואָלט געהאַלטן ביים אויסגיין.

מאָטל איז גלייך אַראָפּ פון בוים און איז צוגעגאַנגען צום פויגל, וואָס האָט זיך אומגעוואָרפן אויף דער ערד.

אָבער ווי נאָר ער איז צוגעגאַנגען נאָענט צום פויי־געלע און געוואָלט עס כאַפּן, האָט עס זיך אויפגעהויבן, איז אָפּגעפלויגן אַביסל ווייטער און זיך ווידער צוגעזעצט.

מאָטל איז נאָכגעלאָפן נאָך אים; נאָר ווי נאָר ער איז צוגעקומען צום פייגעלע, האָט עס זיך ווידער אויפ־געהויבן און אָפּגעפלויגן ווייטער. מאָטל איז ווידער נאָכ־געלאָפן נאָך אים.

אַזוי האָט אים דאָס פייגעלע פאַרנאַרט און אָפּגע־פירט ערגעץ אָן אַ זייט, ווייט פון נעסט.

דעמאָלט האָט זיך דאָס פייגעלע אויפגעהויבן און איז פאַרשוואונדן געוואָרן. מאָטל האָט נאָכדעם אַ לאַנ־

גע צײַט װידער געזוכט דעם בוים מיט דער נעסט; אָבער אומזיסט! ער האָט זײַ מער ניט געקאָנט געפינען.

---

# פרילינג.

װי ס׳קומט נאָר אָן דער פרילינג,
ס׳פאַרשװינדט דער שנײַ און קעלט, —
דאַן װערט מיט בלויע פיאַלקעס
באַשאָטן ס׳גאַנצע פעלד.

די בײַמער קריגן בלעטלאַך,
די קאַרשנבײַמער צװײט;
די קעצלאַך פון די װערבעס —
זײַ װערן פלוצלונג ניט.

די שװאַלבן בויען נעסטן
האַרט אונטער אונזער דאַך;
דאָס צװיטשערן און זינגען —
זאָגט מאַ — איז זײַער שפּראַך.

װען ס׳טונקלט, נעם איך אָפטמאָל
פון נעסט אַ שװאַלב אַרויס;
שרײַט מאַמע, אַז מע טאָר ניט —
זײַ ברענגען גליק דעם הויז.

# מײַן באַגריסונג.

בײַ מײַן פֿענסטער איז אַ גאָרטן,
און איך האָב פֿאַרזײט דאָרט בלומען,
זײַנען פֿײגעלאַך אַהינצו
הײַנט צום ערשטן מאָל געקומען.

װעל איך באַלד אַרױס אין גאָרטן,
מײַנע בלומען פֿריש באַגיסן,
װעל איך שױן אין אײנװעגס דאָרטן
מײַנע ליבע געסט באַגריסן.

כ'װעל אַרױס צו זײ און זאָגן:
„אַ גוט־מאָרגן, ליבע געסט!
ס'איז מײַן גאָרטן פֿאַר אײַך אָפֿן,
בױט אײַך דאָרטן אײַער נעסט.

איר װעט קענען לוסטיק זינגען,
פֿרײַ דאָ שפּרינגען, אומגעשטערט:
װאָסער װעט דער טױ אײַך געבן,
קערנדלאַך — די ערד.

און װען איר װעט קינדער יונגע
פֿון די אײעלאַך אױסבריען,
זאָלען זײ זיך פֿרײַ דאָ װאַקסן,
ביז זײ װעלן קענען פֿליען.

ס'איז מײַן גאָרטען פֿאַר אײַך אָפֿן,
און איר קענט דאָ רואיק לעבן.
ס'וועט אײַך קײנער דאָ ניט יאָגן:
איך אַלײן װעל אַכטונג געבן".

און איך װעל זײ קערנער װאַרפֿן:
זאָלן זײ עס פֿרײלאַך קלײַבן,
זאָלן זײ זיך פֿילן הײמלאַך
און אױף זומער דאָ פֿאַרבלײַבן.

---

# די פֿײגעלאַך.

אײנער אַ רײַכער מאַן האָט געהאַט אַ גרױסן סאָד. דער רײַכער מאַן האָט זײער ליב געהאַט די בײמער פֿאַר זײערע געשמאַקע פֿרוכט און די בלומען — פֿאַר זײער שײנקײט און זיסן גערוך.

אָבער די פֿײגעלאַך האָט ער פֿײנט געהאַט, װײַל זײ פֿלעגן אים מיט זײער פּיפּטשען ניט לאָזן רואיק שלאָפֿן.

איז דער מענש געקומען אין זײַן סאָד און האָט צע־שטערט אַלע פֿױגל־נעסטן.

די אָרימע פֿײגעלאַך זײַנען זיך צעפֿלױגן און האָבן זיך שױן מער ניט אומגעקערט אין סאָד. דער רײַכער מאַן איז געװען זײער צופֿרידן.

ענדע זומער האָט דער באַלעבאָס צונױפֿגענומען די

פרוכטן פון זײַן סאָד און האָט געקוואָלן פון דער גערע־
טעניש.

ס'איז פאַרבײַ דער האַרבסט, דערנאָך דער ווינטער,
און ס'איז ווידער געקומען דער פרילינג. נאָר די פאַר־
טריבענע פײגעלאַך האָבן זיך ניט צוריקגעקערט אין סאָד,
און זײער פיפטשען האָט זיך שוין דאָרט מער ניט גע־
הערט.

דערפאַר אָבער האָבן זיך אין סאָד אויסגעהאָדעוועט
זײער פיל ווערים, וואָס האָבן אָפּגעפרעסן סײַ די בלומען,
סײַ די בלעטער פון די בײמער ; און אַז ס'איז געקומען דער
זומער, זײַנען אין סאָד קײן פרוכט ניט געווען.

איצט האָט דער באַלעבאָס פון סאָד פאַרשטאַנען,
אַז די פײגעלאַך האָבן פאַרהיט זײַן גאָרטן פון די ווערים.
ס'האָט אים איצט פאַרדראָסן, וואָס ער האָט די פײגעלאַך
פאַרטריבן.





# דער ראָב און דער קרוג.

אַ ראָב האָט שטאַרק געוואָלט טרינקען. ער איז שיר נישט געשטאָרבן פאַר דאָרשט.

האָט דער ראָב דערזען פון דער ווייטן אַ קרוג. ער האָט געמיינט, אַז ער וועט קריגן וואַסער אין קרוג. איז ער שנעל געגאַנגען נעמען דאָס וואַסער און טרינקען.

אין קרוג איז טאַקע געווען וואַסער, אָבער דאָס וואַסער אין קרוג איז געווען זייער נידעריק, און דער ראָב האָט עס ניט געקאָנט דערלאַנגען.

דער ראָב האָט געוואָלט איבערקערן דעם קרוג, אָבער ער האָט דאָס ניט געקענט. דער קרוג איז געווען צו שווער.

האָט דער ראָב באַמערקט ניט ווייט קליינע שטיינדלאַך און אָנגעהויבן וואַרפן זיי אין קרוג אַריין.

דאָס וואַסער אין קרוג האָט זיך אויפגעהויבן ביז'ן ברעג. דער ראַב האָט שוין געקאָנט דערלאַנגען דאָס וואַסער, און ער האָט געשטילט זײַן דאָרשט.

---

# נוטס פאַר גוטס.

אַ קלײנע מוראַשקעלע איז אַרײַנגעפאַלן אין טײַך. זי האָט ניט געקאָנט ווײַט שווימען און האַלטן זיך אויפ'ן וואַסער. נאָך אַ ביסל — און זי וואָלט זיך דערטרונקען. האָט זי אָנגעהויבן שרײַען:

„גוואַלד, ראַטעוועט, ראַטעוועט! איך טרינק זיך."



אויף אַ בוים, ניט ווײַט פון טײַך, איז געזעסן אַ טויב. זי האָט דערהערט דאָס געשרײַ פון דער מוראַשקע און באַשלאָסן איר צו העלפן.

זי האָט אָפּגעריסן אַ בלאַט פון בוים און אַרײַנגעוואָרפן עס אין וואַסער אויף דעם פּלאַץ, וואו די מוראַשקע איז געווען.



„קריך אַרויף, מוראַשקעלע, אויפ'ן בלאַט, וועט דיך דער שטראָם פון וואַסער ברענגען אַ גאַנצע צום ברעג."

„אַ דאַנק דיר, ליבע טויב," — האָט די מוראַשקע

געענטפערט, — אַ דאַנק דיר פאַר דעם באַקוועמען שיפל, וואָס דו האָסט מיר אַרײַנגעוואָרפן אין וואַסער.“

און די מוראַשקע איז אַרויפגעקראָכן אויפ'ן בלאַט און איז צוגעשוואומען צום ברעג.

אין עטלאַכע טעג אַרום האָט אַ יעגער געוואָלט שיסן די טויב.

ער האָט אָנגעצויגן זײַן בויגן און געצילט אויף דער טויב. — אָט, אָט — און ער וואָלט זי דערשאָסן.

די מוראַשקע האָט דאָס דערזען.



איז זי צוגעקראָכן און אַ ביס געטאָן דעם יעגער אין פוס.

דער יעגער האָט זיך אַ צאַפּל געטאָן פון ווײַטיק און אויסגעשאָסן די פײַל אָן אַ זײַט.

די טויב האָט זיך אויפגעהויבן און איז אַוועקגעפלויגן.

---

# דער קלײנער פיש.

— „היט זיך, קלײנער! זאָלסט ניט צושווימען נאָענט צום ברעג! דער פישער פאַרוואַרפט דאָרט אָפט די וואודע זײַנע. און אויפ'ן שפּיץ וואודע איז אַן אַנגל, און אויפ'ן אַנגל איז אַ ווערימל. זע, היט זיך, זאָלסט ניט כאַפּן אָט דאָס דאָזיקע ווערימל!“

אזוי האָבן די גרויסע פיש געזאָגט צו אַ קליינעם פי־שעלע.

האָט אָבער דאָס פישעלע ניט געפאָלגט און איז צוגעשוואומען צום ברעג. און ביים ברעג האָט ער דער־זען אין וואַסער אַ ווערימל. האָט ער געטראַכט:

„ווען איך וועל נאָר אַ האָרעלע, אַ קאַפּעלע פאַר־זוכן אָט דאָס ווערימל, קען עס דען מיר אַ שאָדן טאָן? דאָס איז נאַריש! איך וועל דאָך נאָר פאַרזוכן.“



און דאָס פישעלע איז צו־געשוואומען נאָענט צום ווע־רימל און עס אַ בים געטאָן.

— באַץ! עס איז געבליבן הענגען אויפ׳ן אַנגל, און דער פישער האָט אים גלייך אַרויסגעצויגן פון וואַסער.



# די פליג.

אַמאָל איז געווען אַ פליג.

האָט די פליג געלייגט אַן איי'עלע, אַ קליין ווייס איי־עלע.



פון איי'עלע איז אַרויס אַ ווערימל, אַ קליין ווייס ווערימל.

דאָס ווערימל איז געווען אַ פרעסער. עס פלעגט אַלע מאָל זיין הונגעריק און עסן אַלץ, וואָס עס מאַכט זיך.

ווען דאָס ווערימל האָט זיך גוט אָנגעגעסן, האָט ער זיך געלייגט שלאָפן. אין שלאָף איז זיין הויט געוואָרן האַרט; זיין קאָפּ איז אויסגעוואַקסן; זיינע פיס האָבן זיך אויסגעצויגן. עס זיינען ביי אים אויסגעוואַקסן פליגלען.

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום האָט זיין האַרטע הויט פלוצ־לונג געפּלאַצט. און עס איז פון אים אַרויס אַ יונגע פליג.

די אויגן זיינען ביי דער פליג געווען גרויסע. די פליגלען אירע זיינען געווען דינע און ברייטע און דורכ־זיכטיקע. אָבער זיי זיינען געווען שטאַרקע.

און די יונגע פליג איז אומגעלאָפן איבער'ן טיש אין קיך און האָט זיך געזוכט עסן.

מער פון אַלץ האָט די פליג ליב געהאַט זיסע זאַכן. קענטיק, זי איז געווען אַ נאַשערן.

# די יונגע פליגן.

אַ פליג האָט געהאַט דרײַ יונגע קינדערלאַך.
האָט די מוטער אָנגעזאָגט די קינדערלאַך:

— „געדענקט, טײַערע, היט זיך פֿאַר דרײַ זאַכן: פֿאַר האָניק, פֿאַר ווײַן און פֿאַר פֿײַער!“

אָבער די יונגע פליגן האָבן ניט געפֿאָלגט, וואָס די מאַמע האָט זײ געזאָגט.

אײנע פֿון זײ איז געפֿלויגן און דערזען אַ טעלער מיט האָניק. האָט זי געטראַכט: „ווי גוט עס איז דער האָניק!“ איז זי צוגעפֿלויגן און גענומען זויגן. אירע פֿיס האָבן זיך אָבער צוגעקלעפּט, און זי האָט זיך ניט געקאָנט אָפּרײַסן. מען האָט זי געכאַפּט און געטויט.

די צווײטע איז געפֿלויגן און דערזען אַ בעכער מיט ווײַן. האָט זי געטראַכט: „ווי געשמאַק עס מוז זײַן אָט דער ווײַן!“ איז זי צוגעפֿלויגן און גענומען טרינקען. האָט זיך איר פֿאַרדרײט דער קאָפּ, און זי האָט זיך דערטרונקען אין׳ם בעכער.

די דריטע איז געפֿלויגן און דערזען — אַ ליכט ברענט. האָט זי געטראַכט: „ווי שײן עס איז דאָס פֿײַער!“ איז זי צוגעפֿלויגן צום פֿײַער און איז — פֿאַרברענט געוואָרן.




# דער ערשטער ארויספלי פון די בינען.



די בין האָט זיך אויפגעכאַפּט פון איר לאַנגן ווינ־טערדיקן שלאָף. זי האָט אויסגעריבן די פאַרשלאָפענע אייגעלאַך און גענומען וועקן אירע פריינד: „שטייט אויף, דער פרילינג איז געקומען!“

די בינען זיינען אַרויסגעפלויגן פון בינשטאָק און האָבן דערזען, אַז אומעטום לייכט און וואַרימט די זון. זיי האָבן פאַנאַנדערגעלאָזט זייערע פליגעלאַך און זיינען אַוועקגעפלויגן זוכן שפּייז. זיי זיינען צוגעפלויגן צום עפּלבוים און האָבן אים געפרעגט:

— האָסטו ניט עטוואָס שפּייז פאַר אונז? מיר זיי־נען זייער הונגעריק.

— ניין, — האָט געענטפערט דער עפּלבוים, — איך זיין געקומען צו פרי. מיין בליאַכץ האָט זיך נאָך ניט פאַנאַנדערגעלאָזט.

די בינען זיינען אַוועקגעפלויגן צום קאַרשנבוים און געזאָגט:

— האָסטו פאַר אונז עטוואָס שפּייז?

דער קאַרשנבוים האָט געענטפערט:

— קומט צו מיר מאָרגן; היינט האָט זיך נאָך מײַן בליאַכיץ ניט געעפנט.

די בינען זײַנען געפלויגן ווײַטער און געקומען צו דער רויטער טולפּע. אין אירע בלומען אָבער האָבן זײַ אויך קײַן זאַפט ניט געפונען.

זײַ האָבן זיך שוין געוואָלט אומקערן צוריק אין בינשטאָק.

פּלוצלונג אָבער האָבן זײַ באַמערקט אַ טונקל־בלוי בלימעלע. דאָס איז געווען אַן אײַנפאַכע וואַלד־בלום. זי האָט פאַר די בינען אויפגעעפנט איר בעכערל פול מיט זיסן זאַפט. די בינען האָבן זיך אָנגעזעטיקט און אַהײם געבראַכט דעם ערשטן האָניק.



# די הינדעלאַך און די שפּין.

דרײַ קלײנע הינדעלאַך האָבן דערזען, ווי אַ שפּין הענגט אַראָפּ גלײַך איבער זײערע קעפּ.



—אָ, וואָס פאַר אַ שײנע שפּין! — האָבן זײ אַלע אויסגעד רופן. — ווי פעט זי איז! עס וואָלט פון איר געווען אַ פײַנער מיטאָג! אָבער ווי אַזוי נאָך כאַפּט מען זי? זי איז אַביסל צו הויך!

און די שפּין איז געהאַנגען אויף איר דינעם שפּינוועבס־פאָ־ דים און האָט זיך אַזוי ווי געדרײצט מיט די הינדעלאַך.

— „עס איז אַ טײַערער ביסן, און עס איז אַ שאָד צו לאָזן אים. — האָט זיך אָפּגערופן דאָס אינגסטע הינדעלע. — אָבער מיר וועלן אים קײנמאָל נים כאַפּן, אָט אַזוי ווי מיר שטײען דאָ אויף דער ערד. בעסער זאָל אײנער פון אונז געניסן פון איר, אײדער קײ־ נער נים. לאָזט מיך אַרויפשפּרינגען צו אײַך אויפ'ן רוקן, וועל איך זי גלײַך כאַפּן!“

אָבער די אַנדערע הינדעלאַך האָבן נים אײַנגעד שטימט. יעדעס פון זײ האָט אַלײן געוואָלט כאַפּן די שפּין.

האָבן זײ זיך אָנגעהויבן צו קריגן און צו בײסן אײנס דאָס אַנדערע מיט די שנאָבלען.

און ווען זײ זײנען אויף אַ ווײלע אָפּגעשטאַנען אײנס פֿונ׳ם אַנדערן און אויפֿגעהויבן די קעפּ אין דער הײך, — ערשט די שפּין איז שוין פֿאַרשוואונדן געוואָרן.

---

## עפּל־בײמעלע.

אין גאָרטן שטײט אַ בײמעלע
מיט בלימעלאַך באַדעקט.
„דו וועסט אונז געבן עפּעלאַך?“ —
האָב איך בײ אים געפֿרעגט.

— „איך וועל דיר געבן רויטינקע
פֿיל עפּל אָן אַ צאָל,
נאָר בעט דעם בײזן ווינטעלע,
אַז ער ניט בלאָזן זאָל!

„דו ווינטעלע, דו טײערער,
דו בלאָז דאָ ניט אַרײַן;
עס איז אַ שאָד די בלימעלאַך,
עס וועלן עפּל זײַן!“



# די יאָלקע.

1

אין אַ וואַלד איז אַמאָל גע־
וואַקסן אַ יאָלקע.



דאָס איז געווען אַ שײנע יאָלקע. ניט קײן גרויסע, אָבער אַ שײנע.

און געוואַקסן איז די יאָלקע אין אַ שײנעם פּלאַץ.

אַרום איר איז געווען אַ וואַלד און עס זײַנען געשטאַנען אַרום איר גרינע בײמער און שטרויכען.

און װײַטער אַרום האָבן זיך געצויגן גרינע פעלדער און לאָנקעס.

און אַ בלויער הימל איז געהאַנגען איבער איר קאָפּ.

און די זון האָט געשײַנט אויף איר און געוואַרימט זי מיט אירע שטראַלן.

און אַ קיל ווינטעלע האָט געבלאָזן צווישן אירע צווײַגן.

און פײגעלאַך זײַנען אַרומגעפלויגן אַרום איר און געזונגען שײנע לידער.

און בינען פלעגן זומען אין די בלומען, וואָס האָבן געוואַקסן אַרום איר, און געטרונקען פון זײער זאַפט.

און אַמאָל פלעגן קינדער קומען שפילן זיך אין וואַלד און פלעגן זיך צולייגן אָפּרוען אין דעם שאָטן פון דער יאָלקע.

און די קינדער פלעגן אַלע מאָל זאָגן: „וואָס פאַר אַ שיינע יאָלקע דאָס איז!"

אָבער די יאָלקע איז ניט געווען צופרידן.

„איך בין אַזוי קליין. — האָט זי געזאָגט. — איך וויל ווערן אַ גרויסער בוים. איך וויל זען די גאַנצע וועלט. איך וויל ווערן גרעסער פון אַלע ביימער, וואָס שטייען אַרום מיר. איך וויל פאַרשפּרייטן מיינע צווייגן איבער אַלע ביימער."

אַזוי האָט געזאָגט די יאָלקע.

2

און די יאָלקע האָט אָנגעהויבן וואַקסן.

זי האָט וועגן קיין זאַך אויף דער וועלט ניט געקלערט, ווי נאָר וועגן וואַקסן.

און זי איז געוואַקסן אין דער הייך, און זי איז געוואַקסן אין דער גרעב.

ביז זי איז געוואָרן גרויס און דיק, גרעסער און דיקער פון אַנדערע ביימער.

און ווען די יאָלקע איז שוין געווען גרויס און דיק, זיינען איין מאָל געקומען אין וואַלד צוויי מענטשן מיט האַק און זעג.

די מענשן האָבן באַטראַכט די ביימער און באַמערקט, אַז די יאָלקע איז גרעסער און דיקער פון אַלע אַנדערע.



זיינען זיי צוגעגאַנגען צו דער יאָלקע און גענומען זיך איינהאַקן און אונטערזעגן זי.

די יאָלקע האָט געפילט, ווי מען שניידט איר האַרץ, ווי מען צערייסט אירע אָדערן; אָבער זי האָט זיך ניט געקענט העלפן.

און די מענשן מיט האַק און זעג האָבן אונטערגעשניטן די יאָלקע און אַראָפּגעוואָרפן זי צו דער ערד.

און זיי האָבן אַרומגעהאַקט אירע צווייגן און אָפּגעהאַקט איר קאָפּ און אַוועקגעפירט זי אין זעג-מיל.

---

# אין פעלד.

אין אַ נייער, גרינער וועלט
זיינען מיר געקומען.
מאַמע זאָגט: מ'וועט וואוינען דאָ
מיט די גראָז און בלומען.

נאָענט איז דער הימעל דאָ,
און ער גייט אַרונטער
דאָרטן, לעבן בלויען וואַלד,
וואו די זון גייט אונטער.

---

# די זאַנגען.

אַ פּאָטער איז געגאַנגען מיט זיין קליינעם זון דורך אַ פעלד. דאָס פעלד איז געווען באַדעקט מיט זאַנגען. דער אינגל האָט געזען, ווי אַ טייל זאַנגען שטייען גראַד, מיט די קעפּ אַרויף, און אַ טייל זאַנגען שטייען איינגע־בויגן, מיט די קעפּ אַראָפּ צו דער ערד.

— פאַרוואָס שטייען אָט די זאַנגען גראַד, און יענע האָבן אַראָפּגעלאָזט זייערע קעפּ? — האָט דער זון גע־פרעגט ביים פּאָטער.

דער פּאָטער האָט אים געענטפערט:

— אָט יענע זאַנגען, מיט די קעפּ אַראָפּ, זיינען פול מיט קערנער. זיי זיינען שווער, און זיי בייגען זיך דער־פאַר אַראָפּ. און די, וואָס שטייען גראַד, זיינען ליידיק, אָן קערנער, זיי רייסן דערפאַר זייערע פוסטע קעפּ אין דער הייך.

שפּריכוואָרט:
אַ שלעכטע ראָד סקריפּעט הויך.

# צוזיי פעסער.

עס פאָרן פעסער צוויי:
אַ פעסל ווײַן אַ פולע
און נאָך איינע אַ פוסטע.
די ערשטע פאָרט פּאַמעלאַך אָן געשריי,
די צווייטע דונערט, טומלט, שרייט
און לאָזט אַ שטויב אין אַלע זייטן;
ווער ס'גייט אַדורך, פאַררוקט זיך אָן אַ זייט,
דערזעענדיק די פאַס פון ווייטן.
נאָר כאָטש זי ליאַרעמט, האַוועט מערער,
אַ גוטן טרונק באַקומט מען פאָרט פון יענער.
שפּריכוואָרט:
פון ליידיקע פעסער איז דער ליאַרעם גרעסער.

---

# אין גאָרטן.

פּאַקט מיין מאַמע אָן אַ פּעקל,
טוט מיר אָן מיין נייעם רעקל;
גיי איך מיר אין גרינעם גאָרטן,
לייג זיך אויפ'ן גראָז;
עס איך דאָרט מיין פרישן קיכל,
קוק די בילדער פון מיין ביכל;
קומט אַ ווינט און זאָגט: „גוט מאָרגן!“
מיט אַ קילן בלאָז.

לייג איך זיך אין גראָז אַנידער,
קומט דער ווינט און גלעט מיך ווידער;
כ׳ווייס, ער וויל די בילדער קוקן.
און ער מישט זיי אויף.
באַלד פֿאַרמישט ער מיט זײַן בלאָזן,
פֿײַפֿט ער און ער טאַנצט מיט גראָזן;
וויל ער אויף די ביימער טאַנצן
און ער פֿליט אַרויף.

קוק איך, ווי ער נעמט זיי וויגן;
איז מיר גוט אין גראָז צו ליגן;
דורך די גרינע בלעטער זע איך
הימל בלוי און ראָז.
קוקט אַראָפּ אויף מיר דער הימל,
וואַרפֿט ער אָן אויף מיר אַ דרימל;
זינגט אַ פֿויגל מיר אַ לידל,
שלאָף איך אײַן אין גראָז.



# ווי רופט מען מיך?

דו זעסט מיך יעדן טאָג.
איך שײַן און לײַכט מער פון אַלעמען.

איך בין זײער גרויס.
איך בין פיל גרעסער פון דער
ערד, אויף וועלכער דו לעבסט.
איך בין זײער ווײַט פון דיר.
פיל ווײַטער, ווי דו מײנסט.
און דערפאַר זע איך אויס ניט אַזוי גרויס.
איך גיב דער ערד וואַרימקײַט.
אָן מיר וואָלט קײן זאַך ניט געוואַקסן.
איך מאַך וואַקסן די בלומען.
איך מאַך וואַקסן די בײמער.
איך מאַך צײַטיק די פרוכט אויף די בײמער.
איך מאַך צײַטיק די קערנער און די זאַנגען.
איך מאַך פון פינסטער ליכטיק.
איך מאַך ליכטיק אויף דער ערד.
טרעף: ווי רופט מען מיך?



# דאָס מײדעלע און די זון.

דאָס מײדעלע:

װאָס האָסטו געטאָן,
דו ליכטיקע זון,
אַ גאַנצינקען טאָג?
אָ, זונעלע, זאָג!

די זון:

איך מאַך פון באַגינען
דאָס גרעזעלע גרינען,
דאָס בלימעלע בליען,
דאָס פײגעלע פליען,
דאָס פרעשעלע שפּרינגען,
דאָס שװעלבעלע זינגען,
דאָס גרילכעלע גרילן,
דאָס מײדעלע שפּילן.
קינדערלאַך שאַלן
בײַ מײנע שטראַלן.

דאָס מײדעלע:

װאָס האָסטו געטאָן,
דו ליכטיקע זון,
אַ גאַנצינקן טאָג?
אָ, זונעלע, זאָג!

די זון:

איך גיב פון באַגינען
קינדער דעם זינען:
פון אַלע הויפן
לערנען צו לויפן,
טראָגן אין שולן
ראַנצעס מיט פולן:
העפטן און ביכלאַך,
פוטער־ברויט, קיכלאַך.
קינדערלאַך שאַלן
ביי מיינע שטראַלן.

---

# דער רעגנבויגן און די זון.

עס איז דורכגעגאַנגען אַ רעגן. אויף איין זייט הימל האָט אַרויסגעשיינט די זון; די אַנדערע זייט איז נאָך געווען באַדעקט מיט וואָלקנס.

באַלד האָט זיך אויפ'ן הימל באַוויזן אַ שיינער זיבנ־פאַרביקער רעגנבויגן.

ווער עס האָט נאָר געזען דעם רעגנבויגן, האָט זיך ניט געקענט אָפּוואונדערן פון זיין שיינקייט און פון זיינע וואונדערלאַכע פאַרבן.

דער רעגנבויגן איז געוואָרן גרויס און שטאָלץ ביי

זיך, און ער האָט גענומען באַרימען זיך פאַר די וואָלקנס, אַז ער איז פיל שענער פון דער זון אַליין.

—די זון — האָט ער געזאָגט — גלאַנצט טאַקע זייער שטאַרק, אָבער זי איז נאָר איינפאַרביק.

די זון האָט דערהערט די באַרימערײַ פון דעם רעגנבויגן און האָט מיט אַ שמייכל געזאָגט:

— געוויס ביסטו שיין. ווייסטו אָבער, פון וועמען דו האָסט באַקומען אָט די אַלע שיינע קאָלירן? דײַן שיינקייט קומט דאָך פון מיר. ווען ניט איך, קאָן גאָר קיין רעגנבויגן ניט זיין.

דער רעגנבויגן האָט געהערט, וואָס די זון זאָגט, און האָט געלאַכט און זיך נאָך מער באַרימט.

איז די זון בייז געוואָרן און זיך באַהאַלטן הינטער די וואָלקנס.

דער שטאָלצער רעגנבויגן מיט אַלע זיינע קאָלירן איז גלייך פאַרשוואונדן געוואָרן.

---

# זומער-רעגן.

מיט די זילבערנע פיסלאַך,
לייכט, לייכט און לינד,
האָט געטאַנצט דער רעגן
מיט'ן גאָלדענעם ווינט.

האָט געטאַנצט דער רעגן
אין זײַן העלער קרוין,
אויף די הײַזער און גאַסן,
אויפ'ן האַרטן שטײן.

און פאַרשפּרײט ווי אַ פאַווע
ווײַט, ווײַט אַוועק,
איבער דעכער און שפּיצן
זײַן פילפאַרביקן עק.

# דער דונער.

איך בין אַמאָל געגאַנגען אין וואַלד קלײַבן יאַגעדעס. איך האָב אָנגעקליבן אַ פולע קערבעלע מיט יאַגעדעס און שוין געוואָלט גײן אַהײם.

פּלוצלונג איז געוואָרן פינסטער, עס האָט אָנגעהויבן דונערן און עס איז אַוועק אַ רעגן. איך האָב זיך דערשראָקן און געזעצט אונטער אַ גרויסן דעמב.

מיט אַמאָל האָט אַ בליץ געטאָן און אַזוי ליכטיק, אַז איך האָב געמוזט פאַרמאַכן די אויגן. איבער מײַן קאָפּ האָט עפּעס אַ טרעש־טשע געטאָן, און עס האָט אַ קלאַפּ געטאָן אַ דונער.

נאָכדעם האָט מיר מיט עפּעס אַ קלאַפּ געטאָן איבער'ן קאָפּ. איך בין געפאַלן און געלעגן אַזוי לאַנג, ביז דער רעגן האָט אויפגע־הערט.

ווען איך בין ווידער געקומען צו זיך, האָט פון די בײמער אין וואַלד געטריפט; די זון האָט געלויכטן, און פײגעלאַך האָבן גע־שפּילט. דער גרויסער דעמב, אונטער וועלכן איך בין געלעגן, איז

געוועז צעבראָכן און פון אים האָט געשפּאָרט אַ רויך. אַרום מיר זײַנען געלעגן שפּענדלאַך פון דעם צעשפּאָלטענעם דעמב.

די קליידער אויף מיר זײַנען געוועזן נאַס און האָבן זיך געקלעפּט צום לײַב. אויפ׳ן קאָפּ איז בײַ מיר געוועזן אַ בײַל, און עס האָט מיר אַ ביסל וויי געטאָן. איך האָב זיך אויפגעהויבן און בין אַוועק אַהיים.

---

# דער שיפער.

ס׳האָט דער רעגן אויפגעהערט,
דער הימל איז שוין אויסגעקלערט.
נאָר די דעכער זײַנען נאַס,
רינען טײַכעלאַך אין גאַס.

רינען, רינען, רינען...
כ׳האָב מײַן שיפעלע געפונען,
אויפ׳ן וואַסער עס געלאָזט,
און עס קומט דער ווינט און בלאָזט.

יאָגט מײַן שיפעלע געשווינט.
— אויף די פליגלען פון דעם ווינט
פלי דיר, פלי, מײַן שיפעלע! —
און וואוהין פליסטו, מײַן שיפעלע?

אין דער פרײַער וועלט אַהין,
וואו ס׳איז ליכטיק, וואו ס׳איז גרין,
פויגל זינגט, בלומען בליט!
— שיפעלע, שיפעלע, נעם מיך מיט!

# דער ווינט.

עס בייגן זיך די ביימער,
ווען ס'פליט פארביי דער ווינט.
וואס איילט אזוי דער ווינט זיך
און לויפט אזוי געשווינט?

איך וואלט געוואלט אים כאפן,
א קוק טאן, ווער ער איז;
צי איז ער בלויז א פעכער,
צי גאר אזא מין ריז.

ער מוז זיין גאר א גרויסער,
ווייל ער איז אומעטום;
ער קריכט אויף אלע ביימער
און טאנצט אויף זיי ארום.

ווי גרויס קאן זיין זיין מאמע,
אויב ער איז אזוי גרויס?
און וואס דארף זי אים לאזן
אליין אין גאס ארויס?

ער איז א גרויסער שטיפער,
ער פייפט און טומלט שטארק;
ער וויל ביינאכט ניט שלאפן
און לויפט ארום אין פארק.

**ווען איך וואָלט זײַן זײַן מאַמע,**
**וואָלט איך דאָס ניט געלאָזט,**
**ווײַל אַלע בײמער שרײַען,**
**ווען ער לויפט אום און בלאָזט.**

---

# קען איך ניט פאַרשטײן.

קומט אַ פויגל צו דער שויב,
קלאַפּט ער צוויי מאָל אָן.
פויגל שײן דו, פויגל קלײן,
וואָס זאָל איך דיר טאָן?
צוויץ-צוויץ-צוויץ און צוויץ-צוויץ-צוויץ,
און אַ וואָרט ניט מײן,
צוויץ-צוויץ-צוויץ און צוויץ-צוויץ-צוויץ,
קען איך ניט פאַרשטײן...

קומט אַ שטורעם פון דער ווײַט,
רײַסט ער אויף די טיר.
שטורעם בײזער, זאָג מיר, וואָס
דו פאַרלאַנגסט פון מיר.
וואו-וואו-וואו און וואו-וואו-וואו,
און אַ וואָרט ניט מײן,
וואו-וואו-וואו און וואו-וואו-וואו,
קען איך ניט פאַרשטײן...

קום איך צו אַ וואַסערל,
הער איך, ווי עס שרײַט.
וואַסער ליבעס, זאָג מיר, וואָס
דײַן געשריי באַטײַט?

פלו־פלו־פלו און פלו־פלו־פלו,
און אַ וואָרט ניט מײַן,
פלו־פלו־פלו און פלו־פלו־פלו,
קען איך ניט פאַרשטײַן...

שושקעט זיך דאָס גאַנצע פעלד,
ווען איך גײ פאַרבײַ.
זאַנגען ליבע, זאָגט, וואָס מײַנט
אײַער שושקערײַ?
שו־שו־שו און שו־שו־שו,
און אַ וואָרט ניט מײַן,
שו־שו־שו און שו־שו־שו,
קען איך ניט פאַרשטײַן...

---

# פ ײַ ע ר.

אַז מײַן מאַמע האָט געשריבן,
און זי איז געווען פאַרקלערט,
בין איך צו צום אויוון קוקן,
וואָס פון שוואַרצע קוילן ווערט.

זײַנען אינ׳ם הײסן אויוון
אַלע קוילן רויט געווען;
און אַזוינע בלויע פלעמלאַך
האָב איך דאָרטן אויך געזען.

אַז די שוואַרצע קוילן קענען
ווערן אינ׳ם אויוון שײן,

ווי וואָלט נאָך מײַן נײַע קלײדל
אינ׳ם אויוון אויסגעזען ?

זוך איך אוים מײַן נײַע קלײדל,
וואַרף עס באַלד אין פלאַם אַרײַן,
און פאַר פרײדן נעם איך טאַנצן ;
אוי, ווי שײן מײַן קלײד וועט זײַן !

צו אַ שײנעם רויטן קלײדל
דאַרף איך האָבן רויטע שיך ;
האָב איך מײַנע שיך אין פײַער
אויך געלאָזט אַ ברען טאָן זיך.

ס׳איז געווען שײן צו קוקן,
ווי מײַן נײַע קלײדל ברענט.
ס׳האָבן פלאַמען פונ׳ם אויוון
שײן באַלויכטן אַלע ווענט.

האָט די מאַמע זיך דערשראָקן :
— „וואָס האָסטו פאַרברענט, זאָג אויס !“
זאָג איך : „גאָרנישט, ס׳איז די שיכלאַך
און דאָס נײַע קלײדל בלויז.“

איצטער האָב איך ניט קײן קלײדל,
ס׳איז אַוועק, איך וײס ניט וואו.
און מיט פײַער שפּיל איך מער ניט,
אַלצדינג נעמט דאָס פײַער צו.

# דאָס ריטשקעלע.

מורמלט זיך אַ ריטשקעלע:
— מור, מור.
וואַרפט מען דעם אַ שטײנדעלע:
— בור, בור.

קומט אַהער אַ ציגעלע:
— הופּ, הופּ.
לאַדט דאָס אײַן דאָס ריטשקעלע:
— זופּ, זופּ.

דאַנקט דערנאָך דאָס ציגעלע:
— מע, מע.
לאַכט מיט פרײד דאָס ריטשקעלע:
— כע, כע.

וואַרט דאָס נאָך, דאָס ריטשקעלע,
בליצט, בליצט.
קומט אַהער אַ פאַסטוכל,
זיצט, זיצט.

זופּט ער מיט אַ שטרײעלע:
— טריף, טריף.
כאַפּט זיך באַלד צום פײַפעלע:
— פיף, פיף.

נאַכט שוין, שרײַען קראָעלאַך:
— קראַ, קראַ.
גריסט אַ פראָש דאָס ריטשקעלע:
— קוואַ, קוואַ.

עס איז גוט דעם ריטשקעלע,
— אָ־וואַ!
בלעבלט עס, דאָס ריטשקעלע:
— כאַ, כאַ...

---

# ווי מערי האָט זיך אויסגעלערנט גײן.

איך האָב אַ קלײן שוועסטערל, הײסט זי מערי.

מערי האָט אַ לאַנגע צײַט ניט געקענט גײן.

אַז מען פלעגט זי אַוועקשטעלן אויפ'ן דיל, פלעגט זי זיך אַראָפּלאָזן אויף די קני און קריכן אויף אַלע פיר. זי פלעגט אַרומקריכן הין און הער זײער שנעל.

און בײַ אונז אין שטוב איז געווען אַ הונט. שוואַר־צון האָט ער געהײסן.

מערי האָט זײער ליב געהאַט צו שפּילן זיך מיט שוואַרצונען. זי איז געזעסן אויפ'ן דיל, און שוואַרצון איז געלעגן לעבן איר. פלעגט זי אים צופּן די האָר, שלעפּן פאַר'ן אויער און שמײכלען און לאַכן דערבײַ.

און שוואַרצון האָט ליב געהאַט מערין און פלעגט ניט אַפּטרעטן פון איר.

איינמאָל האָט מערי אַרומגענומען דעם הונט פאַר'ן האַלז און האָט אים אַ לאַנגע צייט ניט אָפּגעלאָזן.

דעמאָלט האָט זיך שוואַרצון פּאַמעלאַך אויפגע־הויבן. מערי האָט זיך אויך אויפגעהויבן צוזאַמען מיט אים.

שוואַרצון האָט אַ פּאָר מאָל אַ טראָט געגעבן. מערי איז געגאַנגען צוזאַמען מיט אים.

שוואַרצון איז אומגעגאַנגען איבער'ן צימער הין און הער. מערי האָט זיך נאָכגעשלעפּט נאָך אים און איז אויך געגאַנגען.

מערין איז די שפּיל אַזוי געפעלן געוואָרן, אַז זי האָט צומאָרגנס נאָך אַמאָל דאָסזעלבע געטאָן.

אַזוי האָט זיך מערי עטלאַכע טעג נאָכגעשלעפּט נאָכ'ן הונט, ביז זי האָט זיך אויפגעלערנט אומגיין אַליין.

---

## זיך הוידען.

— וואָלסט וועלן הוידען זיך געשווינט,
זיך הוידען אויף אַ וויג ?
— געוויס, ווי גוט עס מוז דאָך זיין
זיך הוידען הין־צוריק !

אַ שפּרונג אַרויף, אַזש איבער וואַנט, —
דו זעסט די גאַנצע וועלט :



די ביימער, טייכן, שעפסן, קי,
אַלצדינג אַרום אין פעלד.

אַ שפרונג — דו זעסט די דעכער ברויז,
דו זעסט דעם גאָרטן גרין.
אַ דריק — דו פליסט גאַנץ שנעל אַרויף
און וויגסט זיך הער און הין.

---

# אין שול אַריין.

ס'שלאָגט דער זייגער... שאַ... שוין אַכט.
ס'איז פאַרגאַנגען שוין די נאַכט.
כאָטש עס ווילט זיך ליגן נאָך,
אָבער אויפשטיין מוז מען דאָך.
ניט געטראַכט און ניט גערעדט,
שפּרינג איך גלייך אַראָפּ פון בעט,
טו די קליידער אָן אויף זיך,
און צום האַנטפאַס לויף איך גיך.

רייַן געוואַשן, שייַן פאַרקאַמט,
ניט געשטאַנען, ניט געזאַמט,
גרים איך אַלעמען אין הויז
ליב און פריינדלאַך, קליין און גרויס!
אַט די מאַמע פרישטיק גיט,
כאַפּ אַ ביס און נעם אויך מיט!
ניט פאַרשלאָפן! עך, ווי גוט!...
פרייַלאַך, פרייַלאַך און מיט מוט
כאַפּ דאָס רענצל, וואָס איז פול,
שנעלער, שנעלער גלייַך אין שול.
איינס און צוויי, איינס און צוויי
שפּרייַז איך האַסטיק אויפ'ן שניי.

---

# ע נ י.

עני האָט זייער געוואָלט קאָנען לייענען און שרייַבן. אָבער איר מאַמע איז געווען אָרים און נישט געהאַט קיין געלט צו קויפן איר אַ בוך, אַ העפט, טינט און אַ פּען.

עני איז געווען זייער אומעטיק און זי האָט אַלץ געטראַכט, ווי זאָל זי זיך אויסלערנען לייענען און שרייַבן אָן אַ בוך און אָן אַ העפט.

איינמאָל לויפט זי צו צו איר מאַמען זייער אַ פרייַ־לאַכע. אין האַנט האָט זי געהאַלטן אַ צווייַגל פון אַ בוים.
— מאַמע! — האָט זי אויסגעשריען, — אָט דאָס

צווייגל וועט זיין מיין פען און דער זאמד, וואס אויף אונ־
זער הויף, — מיין פאפיר. קום, מאמע, לערן מיך שרייבן
און לייענען אויף דעם זאמד.

די מאמע האט גענומען דאס צווייגל און אויסגע־
פירט אויף דעם זאמד די בוכשטאבן: א, ב, ג, ד — און
האט זיי געוויזן דער קלוגער און פלייסיקער עניו.

אזוי פלעגט די מאמע זי דערנאך לערנען אויף דעם
זאמד יעדן טאג. און אין עטלאכע וואכן ארום האט שוין
עני געקאנט לייענען און שרייבן.

---

## שרייבנדיק אין זאמד.

איך קען שוין שרייבן און לעזן,
כ׳בין שוין אין שול היינט געוועזן.
כ׳האב דארט געזען שיינע זאכן,
כ׳קען דאס אין זאמד באלד אויסמאכן.
איך קען שוין אויפשרייבן דריידלאך,
פונקט ווי די גאר גרויסע מיידלאך.

שטעקעלאך שרייבט זיך מיר גרינגער:
כ׳גיב בלויז איין שרייב מיט׳ן פינגער,
ווערט באלד א שטעקעלע פארטיק.
מאמעלע זאגט: „ס׳איז גרויסארטיק!“
פונקט אזוי שרייבט פאפא ביכער,
נאר מיט טינט שרייבט זיך אים גיכער.

# אַרבעט און שפּיל.

עס איז געווען אַ שײנער פרילינג־טאָג.

די פויגלען האָבן געזונגען אויף די שפּיצן פון די בײמער.

די פעלדער זײַנען געווען פול מיט בלומען.

די גלעקעלאַך און די ראָמאַשקע־בלימעלאַך האָבן אַרויפגעקוקט צו דער ליכטיקער זון.

די זומער־פײגעלאַך און די בינען זײַנען אומגע־פלויגן איבער די בלומען און געזויגן זײער זאַפט.

ענֿי איז געגאַנגען איבער׳ן פעלד.

„אָ, ווי וואָלט איך געוואָלט, אײנער זאָל זיך שפּילן מיט מיר!“ — האָט זי אַ זיפץ געגעבן.

פּונקט דעמאָלט האָט זיך אַ בין אַראָפּגעלאָזן אויף אַ בלימעלע.



„טײַערע בין! — האָט ענֿי אויסגערופן. — איך בין אַזוי צו־פרידן, וואָס איך האָב דיך גע־טראָפן. דו ביסט געקומען שפּילן זיך מיט מיר?“

— „בזז, בזז! — האָט די בין געזאָגט. — איך האָב ניט קײן צײַט צו שפּילן מיט דיר. די בלו־מען זײַנען פול מיט האָניק, און איך מוז אים הײַנט אויפ־קלײַבן.“

ענִי איז אַן אומעטיקע אַוועק ווײַטער מיט'ן וועג.

— „פרײלאַכער, לעבעדיקער!" — האָט אַ ראָב אַראָפּגעקראַקעט צו איר פון זײַן נעסט אויפ'ן בוים.

„גוט מאָרגן, הער ראָב! — האָט ענִי געזאָגט. — עס וועט מיר ווערן פרײלאַכער, ווען דו וועסט אַראָפּ און שפּילן זיך מיט מיר. איך האָב געבעטן די בין, אָבער די בינען זײַנען דאָך שטענדיק פאַרנומען".

— „איך בין אויך פאַרנומען. — האָט דער ראָב געזאָגט. — בײַ מיר אין נעסט זײַנען פאַראַן פיר בלויע אײעלאָך. איך דאַרף זײ וואַרימען מיט מײַן ווײכער ברוסט. בעסער בעט די וועווערקע צו שפּילן זיך מיט דיר".

ענִי איז צוגעגאַנגען צו דער וועווערקע און געזאָגט:



„ליבע גרויע וועווערקע! שפּיל זיך ניט אַ גאַנצן טאָג דאָרטן אויף די ביימער. קום, שפּיל זיך אַ ביסל מיט מיר. איך וועל דיר געבן אַ שײן שטײגל און וועל דיר געבן עסן קערנער און ניס."

— „איך שפּיל זיך ניט, מײדעלע! — האָט די וועווערקע געזאָגט. — דאָס לויף איך צו מיר אַהײם אין דעם אויסגעהוילטן בוים.

„הערסט ניט, ווי מײַנע קינדערלאַך רופן מיך? איך דאַרף זײ געבן עסן און לערנען זײ לויפן און שפּרינגען."

ענע איז אַוועקגעלאָפֿן צום טײַכל, וואָס האָט געררו־נען איבער'ן לאָנקע.

„שטעל זיך אָפּ אויף אַ ווײַלע, טײַער טײַכל! — האָט זי אויסגערופֿן. — איך וויל, דו זאָלסט זיך אָפּשטעלן און שפּילן מיט מיר; דו האָסט גאָרנישט וואָס צו טאָן.“

— „פֿאַרוואָס? — האָט דאָס טײַכל געזאָגט. — איך האָב שוין גאָר וואָס צו טאָן.

„אָט טרינק איך אָן די גראָז און די בלומען אויפ'ן לאָנקע; איך מאַך אַ פּלאַץ פֿאַר די פֿיש צו שווימען; די קי קומען טרינקען מײַן קלאָר וואַסער, און די ענטלאַך קומען שווימען אַהער.

„איך האָב ניט קײַן צײַט אָפּצושטעלן זיך, איך דאַרף לויפֿן דרייען די מיל־ראָד.“

ענע איז געשטאַנען אַ קורצע ווײַלע, געטראַכט עפּעס און איז אַוועקגעלאָפֿן אַהיים צו דער מאַמען.

„מאַמע! — האָט זי אויסגערופֿן. — איך וויל אויך אַרבעטן. זע, לאָז מיך העלפֿן דיר אין דײַן אַרבעט.

„איך האָב געבעטן די בין און דעם ראָב און די ווע־ווערקע און דאָס טײַכל צו שפּילן זיך מיט מיר. אָבער זיי זײַנען צו פֿאַרנומען און זײַנען צופֿרידן מיט זייער אַרבעט.

„איך דענק, אַז מיר וועט אויך זײַן פֿריילאַך און איך וועל אויך זײַן צופֿרידן, ווען איך וועל זײַן אַזוי פֿאַרנומען ווי אַ בין.“



# אַ קלוגער ענטפער.

1

אַ מאַן איז געגאַנגען אין וועג. ער האָט געדאַרפט אין אַ דערבייאיק שטעטל. גייענדיק, איז ער צוגעקומען צו אַ פּלאַץ, וואו דער וועג צעטיילט זיך און גייט אין צוויי ריכטונגען: איינע רעכטס, די אַנדערע לינקס.

אים איז צום ערשטן מאָל אויסגעקומען צו זיין אין דער געגנט, און ער האָט ניט געוואוסט, מיט וועלכן וועג צו גיין.

אויפ'ן שיידוועג איז געזעסן אַ אינגל און האָט זיך געשפּילט. גייט צו אים צו דער מאַן און פרעגט:

„זאָג מיר, קינד, דורך וואָסער וועג גייט מען אין שטעטל אַריין?"

— דורך ביידע. — האָט דער אינגל קאַלטבלוטיק געענטפערט. — נאָר איינער פון זיי איז אַ קורצער און אַ וויטער, און דער אַנדערער — אַ לאַנגער און אַ נאָענטער.

דער מענש איז אַוועק מיט'ן קורצן וועג. אָבער ווען ער איז צוגעקומען נאָענט צום שטעטל, האָבן אים גערטענער און סעדער פאַרצוימט דעם וועג. אַ צייט האָט ער דאָרטן אַרומגעבלאָנדזשעט, און ענדלאַך האָט ער זיך געמוזט אומקערן צוריק.

2

ווען ער איז געקומען צום שײדוועג, האָט ער נאָך דאָרטן געפונען דעם אינגל זיצנדיק. גײט ער צו אים צו און זאָגט אים:

„פאַרוואָס האָסטו מיך אָפּגענאַרט? צי דען האָסטו ניט געוואוסט, אַז גערטענער און סעדער רינגלען אַרום דאָס שטעטל אויף אָט דעם וועג? וואַרום האָסטו מיר געזאָגט, אַז דער וועג איז אַ קורצער?“

— איך האָב אײַך דאָך געזאָגט, אַז דער וועג איז אַ קורצער און אַ װײַטער. — האָט דער אינגל געענטפערט מיט אַ שמײכל.

דער מאַן האָט איצט פאַרשטאַנען, ווי קלוג דאָס קינד האָט אים געענטפערט. ער האָט זיך אײַנגעבויגן, אַ קוש געטאָן דאָס קינד און געזאָגט:

„וואויל איז צו דער שטאָט, וואָס האָט אַזעלכע קלו־גע קינדער.“

---

# טריקנט דעם צוקער.

1

סעם האָט זײער ליב געהאַט זיסע זאַכן.

אײנמאָל האָט זײַן מאַמע אים געהײסן גײן אין קראָם און ברענגען אַ פונט צוקער. סעם האָט אַלעמאָל ליב געהאַט צו גײן אין קראָם און נאָך מער, ווען ער האָט

געדאַרפט ברענגען עפּעס אַ זיסע זאַך. ער איז שנעל געלאָפן, גענומען דעם פונט צוקער און איז געגאַנגען אַהיים.

אויפ׳ן וועג האָט סעם דערזען, ווי אַ גאַסנקערער שווענקט אַראָפּ די שמוץ פון די גאַסן מיט אַ שטראָם וואַסער. עס האָט זיך אים פאַרוואָלט לאָזן דעם גאַסנ־קערער אָפּשווענקען אים אויך זיינע שיך, וואָס זיינען געווען פאַרשטויבט.

ער איז געגאַנגען און אונטערגעשטעלט זיינע שיך אונטער׳ן שטראָם. דער גאַסנקערער האָט דערוויל אַ דריי געטאָן די רער און האָט פאַרנעצט סעמען צוזאַמען מיט׳ן פונט צוקער, וואָס ער האָט געטראָגן.

2

סעם איז צוגעלאָפן צו אַ גאַניק און זיך געזעצט אָפּטריקענען זיינע קליידער. ער האָט אויך אויפגעעפנט דאָס זעקעלע מיט׳ן צוקער, ערשט עס איז געווען איני גאַנצן פאַרנעצט.

ווען סעמיס מאַמע האָט דערזען, אַז איר זון זוימט זיך צו לאַנג, איז זי אים געגאַנגען זוכן. און ווי גרויס איז געווען איר פאַרוואונדערונג, ווען זי האָט דערזען, ווי סעמי זיצט און עסט דעם צוקער. זי האָט זיך אויף דעם ניט גערעכנט.

— וואָס טוסטו דאָס, סעמי? פאַרוואָס עסטו דעם צוקער? — האָט זי אים געפרעגט.

— איך עס ניט, מאַמע! — האָט סעם געענט־פערט. — דער גאַסנקערער האָט מיך פאַרשפריצט און פאַרנעצט דעם צוקער. זיץ איך דאָ און זויג אויס דאָס וואַסער פונ'ם צוקער, ער זאָל ווערן צוריק טרוקן.

---

# דער הונגעריקער אַראַבער.

אַן אַראַבער האָט געוואַנדערט אין אַ וויסטעניש. ער איז געוועזן הונגעריק. שוין צוויי טעג, ווי עס איז ביי אים אויסגעגאַנגען זיין גאַנץ עסנוואַרג.

אויפ'ן דריטן טאָג איז ער צוגעקומען צו אַ ברונעם, פון וועלכן די דורכגייער טרינקען און זייערע קעמלען. ער האָט פון דער וויטן דערזען אויפ'ן זאַמד ביים ברו־נעם אַ זעקעלע.

ער האָט זיך שטאַרק דערפרייט. ער האָט גע־טראַכט: „דאָס מוז זיין אַ זעקעלע מיט ברויט אָדער מיט טייטלען, וואָס איינער פון די דורכפאָרער האָט פאַרלאָרן. איצט וועל איך שוין שטילן מיין הונגער.

ער איז צוגעלאָפן צום זעקעלע און עס אויפגעהויבן. ער האָט אַ טאַפּ געטאָן, ערשט עס ליגן דאָרטן עפּעס אַזעלכע קליינע קיילאַכדיקע זאַכן. „ניט קיין ברויט און,

ניט קײן טײַטלען, — האָט ער אַ טראַכט געטאָן, — דאָס מוז זײַן קלײנע יאַגעדעס. נאָר עס מאַכט ניט אויס: איך װעל דערמיט אויך קענען שטילן מײַן הונגער װי עס איז.“

ער האָט מיט ציטערנדיקע הענט געעפנט דאָס זעקעלע. ער האָט אַ קוק געטאָן און אויסגעשריען: „ס׳אַראַן אומגליקלאַכער איך בין! ניט קײן יאַגעדעס זײַנען דאָס, נאָר פּערל!“

און ער האָט מיט צאָרן אַװעקגעשלײַדערט דאָס זעקעלע מיט די פּערל.

## אַ גוטער דאָקטער.

מאַמע זאָגט: איך זײַן אַ דאָקטער.
כ׳װיל ניט; איכ׳ל דאָס ניט זײַן;
װײַל אַ דאָקטער איז אַ שלעכטער,
נאָר ער קוקט אין האַלז אַרײַן.

אַז ער קומט צוגײן צו קינדער,
שטעלט ער פּאָקן, טוט עס װײ.
מעדיצינען שװאַרץ און ביטער
הײסט ער מאַמעס געבן זײ.

און אין בעטל הײסט ער ליגן,
װען די זון אין דרויסן שײַנט,
קען מען זיך אין בעט ניט שפּילן.
כ׳האָב דערפאַר דעם דאָקטער פײַנט.

אויב איך מוזן זײַן אַ דאָקטער,
איך אַ גוטער דאָקטער זײַן;
איכ'ל הײסן אַלע קינדער
גײן אין דרויסן, שפּילן פײַן.

טשאָקלאַד װעל איך הײסן עסן,
װיפיל יעדער אינגל װיל;
און פון פלעשלאַך מעדיצינען
זאָל מען מאַכן זיך אַ שפּיל.

פּילן ביטערע צום שלינגען
װעל איך הײסן מאַכן זיס;
און אין דרויסן זאָלן קינדער
אומלויפן מיט הױלע פיס.

אַלע קינדער װעל איך נעמען
אין מײַן „אויטאָביל" אַרײַן
און אַלײן זײ לאָזן פירן,
װען איך װעל אַ דאָקטער זײַן.

---

# די אַלטיטשקע און דער דאָקטער.

אַן אַלטע פרוי איז געװאָרן בלינד. האָט זי גערופן אַ דאָקטער און מיט אים אָפּגערעדט אַזױ:
אויב ער װעט זי אויסהײלן און זי װעט צוריק זעענדיק װערן, װי פריער, װעט זי אים גוט באַצאָלן. און אויב

ער וועט זי ניט אויסהיילן, און זי וועט בלייבן בלינד, וועט זי אים גאָרנישט ניט געבן.

דער דאָקטער האָט איינגעשטימט. ער האָט אָנגעהויבן אַרײַנצוקומען צו דער אַלטער פרוי און היילן איר די אויגן. אָבער דערווייל האָט ער ביסלאַכווײַז אַוועקגעטראָגן פון איר הויז אַלץ, וואָס דאָרטן איז געווען.

ענדלאַך האָט זיך דעם דאָקטער איינגעגעבן אויסצוהיילן די פרוי און מאַכן, זי זאָל צוריק גוט זען. דערמאָלט האָט ער געבעטן, זי זאָל אים באַצאָלן, ווי זיי האָבן אָפּגערעדט.

די פרוי, וועלכע איז צוריק געוואָרן זעענדיק, האָט באַמערקט, אַז בײַ איר אין שטוב איז גאָרנישט ניט געבליבן פון די אַלע זאַכן, וואָס זײַנען דאָרטן געווען. און ווען דער דאָקטער האָט בײַ איר געבעטן באַצאָלט, האָט זי אים אָפּגעלייגט פון טאָג אויף טאָג.

האָט דאָס דעם דאָקטער פאַרדראָסן, און ער האָט זי גערופן אין געריכט.

פרעגט בײַ איר דער ריכטער:

— איז דאָס ריכטיק, אַז דו האָסט פאַרשפּראָכן דעם דאָקטער צו באַצאָלן אים גוט, ווען ער וועט דיך האָבן אויסגעהיילט ?

— יאָ, דאָס איז ריכטיק ; — האָט די פרוי געענטפערט : — איך האָב אים פאַרשפּראָכן צו באַצאָלן, אויב ער וועט מיר אויסהיילן די אויגן אַזוי, אַז איך זאָל מיט

זײַ זען, ווי פריער. איצט זאָגט ער, אַז ער האָט מיך אויס־געהײַלט; אָבער איך זאָג, אַז דאָס איז ניט ריכטיק, ווײַל אײדער איך בין בלינד געוואָרן, האָב איך געקאָנט זען בײַ מיר אין הויז פאַרשידענע זאַכן און מעבל, און איצט קאָן איך גאָרנישט ניט זען פון דעם אַלעם.

# אַ קלוגער מענש.

אַ מאַן האָט געהאַט אַ הויז מיט אַ הויף. אײנמאָל האָט ער געוואָרפן שטײנער פון זײַן הויף אין גאַס אַרײַן. גײט פאַרבײַ אַ קלוגער מענש און זאָגט אים:

— נאַר דו אײנער! וואָס וואַרפסטו שטײנער ניט פון דײַן הויף אין דײַנעם?

דער באַלעבאָס פון הויף האָט זיך אויסגעלאַכט פונ׳ם מענשן און ווײַטער געטאָן זײַן זאַך.

אין אַ צײַט אַרום איז דער באַלעבאָס פון הויז אָרים געוואָרן. עס איז געקומען דערצו, אַז ער האָט געמוזט פאַרקויפן זײַן הויז מיט׳ן הויף.

אײנמאָל נאָכדעם, האָט ער, גײענדיג אין גאַס, זיך פאַרטשעפּעט אָן די שטײנער, וואָס ער אַלײן האָט אַרויס־געוואָרפן. ער איז געפאַלן און זיך גוט צעשלאָגן.

דעמאָלט האָט ער זיך דערמאָנט אָן די ווערטער פון יענעם קלוגן מאַן און געזאָגט: „ריכטיק האָט באַ־מערקט יענער קלוגער מאַן, נאָר איך האָב זײַנע ווער־טער ניט פאַרשטאַנען.“

# דרײַ מאָל אַ שפּרונג.

אַ איד איז אַמאָל געקומען אין אַ פרעמדער שטאָט. פאַרפאָרט ער אין אַ גאַסטהויז. געפינט ער דאָס הויז פול געפּאַקט מיט געסט, וואָס זיצן דאָרט אין ענגשאַפט. זעצט ער זיך אויך.

אָפּגעגעסן און אָפּגעטרונקען, וויל ער דאָרט בלײַבן איבערנעכטיקן. די געסט אָבער האָט דאָס, ווײַזט אויס, ניט געשמעקט. רופט זיך צו אים אָפּ אײנער פון די געסט:

— ליבער פרײַנד! בײַ אונז איז שוין אַזוי אָפּגע־מאַכט, אַז מען נעמט ניט צו קײן גאַסט אויף נאַכטלעגער, ביז ער טוט ניט דרײַ מאָל אַ שפּרונג פון׳ם טיש צו דער טיר.

— רעכט! — זאָגט דער איד. — איך ווײס אָבער ניט, ווי מען טוט דאָס. זאָל אײנער פון אײַך דאָס מיר פריער באַווײַזן, וועל איך אים נאָכטאָן.

הײבט זיך אויף דער גאַסט, גיט אײן שפּרונג — און ער איז שוין אין מיטן צימער; אַ צווײטן שפּרונג — און ער איז בײַ דער טיר; אַ דריטן שפּרונג — און ער איז פון יענער זײַט טיר.

כאַפּט דער איד און פאַרשליסט די טיר און זאָגט דערבײַ מיט אַ שמײכל:

וואָס עס האָט געזאָלט זײַן מיר, זאָל אויסגײן צו דיר.

---

ווער עס גראָבט אַ גרוב פאַר אַן אַנדערן, פאַלט אין איר אַלײן אַרײַן.

# דער באָקסער־בוים.

אַמאָל איז אַ אידישער געלערנטער געפאָרן רייטנ־דיק אויף זיין אייזל אין וועג. דערזעט ער — אַן אַלטער מאַן שטייט און פלאַנצט אַ באָקסער־בוים.

פרעגט ער אים:

— אין וויפיל יאָר אַרום וועט דער בוים געבן פרוכט?

— אין זיבעציק יאָר אַרום. — האָט דער מאַן געענט־פערט.

האָט דער געלערנטער געלאַכט:

— איז עס דען מעגלאַך, אַז דו זאָלסט לעבן נאָך זיבעציק יאָר? גלויבסטו, אַז דו וועסט נאָך דערלעבן צו עסן פרוכט פון דעם בוים?

האָט אים דער פלאַנצער געענטפערט:

— איך האָב געפונען באָקסער אויף דעם וועלט. און אַזוי ווי מיינע עלטערן האָבן געפלאַנצט באָקסער־ביימער פאַר מיר, אַזוי פלאַנץ איך באָקסער־ביימער פאַר מיינע קינדער.

---

שפּריכווערטער:

טו אַנדערע אַזוי, ווי דו וואָלסט וועלן, מען זאָל דיר טאָן.

האָב ליב דעם אַנדערן ווי זיך אַליין!



# צוויי פלוגן.

א שמיד האָט געמאַכט צוויי פלוגן. ער האָט זיי געמאַכט אין דערזעלבער קוזניע און פון דעמזעלבן סאָרט אייזן.

איינער פון די פלוגן איז אַרייַנגעפאַלן אין די הענט פון אַ פאַרמער, און דער פאַרמער האָט מיט אים געאַקערט זיין פעלד. דער צווייטער איז געבליבן אַ גאַנץ יאָר ליגן אין אַן אייזן־קראָם.

איינמאָל האָט געטראָפן, אַז ביידע פלוגן האָבן זיך באַגעגנט. דער פלוג, וואָס איז געווען ביים פאַרמער, האָט געגלאַנצט און געלויכטן. דער צווייטער פלוג אָבער, וואָס איז אַ גאַנץ יאָר אָפּגעלעגן אין קראָם, איז געווען באַדעקט מיט ראָסט.

— זאָג מיר, פון וואָס גלאַנצסטו אַזוי? — האָט דער פאַרראָסטעטער פלוג געפרעגט זיין אַלטן באַקאַנטן.

— דאָס איז פון אַרבעט. — האָט געענטפערט דער פלוג. — און דו ביסט פאַרראָסט, ווייל דו ביסט אַ גאַנץ יאָר אָפּגעלעגן פויל אויף איין זייט.



# הערבסט.

ס'איז דער הערבסט געקומען,
ס'וועלקן בוים און בלום.
געלע בלעטער, זע איך,
וואַלגערן זיך אַרום.

ס'קומט אַ ווינט אַ קאַלטער,
פֿײַפֿט אַ לידל צו,
און די אָרימע בלעטער
האָבן ניט קיין רו:

הייבן זיך און טאַנצן
טויטערהייט, אַן מאַכט;
און דער ווינט דער בייזער
פֿײַפֿט און שפּילט און לאַכט.

---

# פֿרילינג־ליד.

דער שניי איז צעגאַנגען,
דערוואַכט האָט די וועלט.
די זון גיסט מיט שטראַלן
און שמייכלט און קוועלט.

און שאַרנוויז קומען
די פֿייגל צוריק
מיט פֿריילאַכע לידער —
טשיריק און טשיריק!

# די פיר צײַטן פון יאָר.

דער שנײ צערינט,
די לאָנקע גרינט,
אַלץ ווערט באַנײַט.
ווי הײסט די צײַט?

די זון — זי גליט,
די ליפּע בליט,
דער מענש הײ שנײַדט.
ווי הײסט די צײַט?

דאָס פעלד איז וויסט,
דער רעגן גיסט,
די פױגלען ווײַט.
ווי הײסט די צײַט?

די וועלט איז ווײַס,
אױפ'ן טײַך — אַן אײַז,
דער שטורעם בײז שרײַט.
ווי הײסט די צײַט?

---

# די שטערן־רענדלאַך.

1

אַמאָל איז געווען אַ קלײן מײדעלע. זי איז געווען זײער, זײער אָרים. איר פּאַפּאַ און מאַמאַ זײַנען געשטאָרבן. זי האָט ניט געהאַט קײַן צימער, וואו צו וואוינען, קײַן בעטעלע, וואו צו שלאָפן. און צום עסן האָט זי געהאַט ניט מער, ווי אַ שטיקל ברויט.

האָט דאָס מײדעלע אָנגעטאָן איר קלײן מאַנטעלע און איר בלוי היטעלע, האָט גענומען דאָס שטיקל ברויט אין האַנט און איז אַרויס אויף דער וועלט זוכן גוטע מענשן, מיט וועמען צו וואוינען.

גײט זי אַזוי און באַגעגנט אַן אַלטן מאַן, דאַר און

איינגעהויקערט. זאָגט צו איר דער אַלטער מאַן: „מײַ־דעלע טײַערע! גיב מיר דײַן שטיקל ברויט: איך בין זייער הונגעריק.“

האָט דאָס מיידעלע גענומען דאָס שטיקל ברויט און אָפּגעגעבן דעם אַלטן מאַן און איז אַליין אַוועקגעגאַנגען ווײַטער.

2

גייט זי און גייט און באַגעגנט אויף דעם וועג—אַ קינד שטייט און וויינט.

„וואָס וויינסטו?“ — פרעגט דאָס מיידעלע.

— מיר איז קאַלט! — ענטפערט דאָס קינד; — גיב מיר דײַן בלוי היטעלע, וועל איך עס אָנטאָן, וועט מיר זײַן וואַרים אין קאָפּ.

האָט דאָס מיידעלע אַראָפּגענומען דאָס היטעלע, אָפּגעגעבן דעם קינד און איז אַליין אַוועקגעגאַנגען ווײַ־טער.

גייט זי און גייט און באַגעגנט — נאָך אַ קינד שטייט און וויינט און ציטערט פאַר קעלט.

„וואָס וויינסטו?“ — פרעגט דאָס מיידעלע.

— אָ, מיר איז זייער, זייער קאַלט; — ענטפערט דאָס קינד; — ווען דו וואָלסט נאָר געווען אַ גוטע און אָפּגעגעבן מיר דײַן מאַנטעלע!

האָט דאָס מיידעלע אויסגעטאָן איר מאַנטעלע, אָפּגעגעבן דעם קינד און אַליין אַוועקגעגאַנגען ווײַטער.

3

גייט זי אַזוי און גייט און גייט, — ערשט בײַם וועג שטייט נאָך אַ קינד, גאָר אַ נאַקעטס, און וויינט הויך.

„וואָס שטייסטו דאָ אַ נאַקעטס? — פרעגט דאָס מיידעלע — און וואָס וויינסטו?“

— איך האָב גאָרנישט וואָס אָנצוטאָן, און מיר איז קאַלט, אָ, ווי קאַלט! — האָט דאָס קינד געענטפערט. — ווען דו וואָלסט מיר נאָר געגעבן דײַן קליידעלע אָנצוטאָן!

האָט דאָס מיידעלע אויסגעטאָן איר קליידעלע, אָפּגעגעבן דעם קינד און איז אַליין אין איין העמדעלע אַוועקגעגאַנגען ווײַטער.

4

עס איז געווען טונקל, עס האָט געבלאָזן אַ קאַלטער ווינט. דאָס מיידעלע איז אַרײַן אין אַ וועלדל צווישן די ביימער און האָט זיך דאָרט געוואָלט באַהאַלטן פון ווינט.

זי האָט אויפגעהויבן אירע אויגן צום הימל און דערזען דאָרט די קליינע גאָלדענע און זילבערנע שטערנדלאַך... אָבער פּלוצלונג האָבן די שטערן אָנגעהויבן פאַלן פון הימל און זײַנען געבליבן ליגן אויף דער ערד אַרום דעם מיידעלע, גלאַנצנדיקע, פינקלענדיקע.

דאָס מיידעלע האָט זיך צוגעקוקט צו די אַראָפּגעפאַלענע שטערנדלאַך און דערזען, אַז דאָס זײַנען לויטער רענדלאַך. און אונטער׳ן בוים, וואו זי איז געשטאַנען, האָט זי דערזען אַ וואָלן קליידעלע, אַ סאַמעטן מאַנטעלע און אַ וואַרים פוטערן היטעלע.

דאָס מײדעלע האָט זיך אָנגעטאָן, צונויפגעקליבן די רענדלאַך און איז אַוועק אין שטאָט אַרײַן. און פון דעמאָלט אָן האָט איר גאָרנישט ניט געפעלט.

---

# דער רעטאַך.

הערט זיך אײַן: אַמאָל, ניט יעצט,
האָט דער זײדעשי פאַרזעצט
רעטאַך בײַ זײַן הויז.
גײט אַוועק אביסל צײַט,
ווערט פון רעטאַכל אַ לײַט,
וואַקסט... אַזוי די גרײַס!
פון דער פרײד גאָר אויסער זיך,



קומט דער זײדעשי אויף גיך,
ברענגט מיט זיך אַ קויש.
שלעפּט אַהין און שלעפּט אַהער...
דאָך אומזיסט! עס גײט צו שווער
פון דער ערד אַרויס.

רופט דער זיידעשי גאַנץ הויך:
„באָבע יאַכע, העלף מיר אויך!“



רייסן איצט שוין צוויי.
וויפיל קרעפטן נאָר פאַראַן,
שלעפּן ביידע ווי איין מאַן...
דאָך אומזיסט — אוי, וויי!
שרייט די באָבעשי גאַנץ הויך:
„מירקע־איניקל, קום אויך!“



שלעפּן אַלע דריי:
זיידעשי דעם רעטאָך ציט,
באָבעשי שלעפּט ביידן מיט,
מירקעניו דערביי;
שלעפּן אַלע ווי איין מאַן.

ווִיפֿיל קרעפּטן נאָך פֿאַראַן,
הײַדאַ... אײנס און צוויי...
שלעף אַהין און שלעף אַהער —
ניין, עס גייט נאָך אַלץ צו שווער;
אַלץ אומזיסט — אוי, וויי!

רופֿט דאַן מירקעניו דעם הונט;
פֿײַל פֿון בויגן גלײַך ער קומט.
שלעפּן אַלע פֿיר:



זיידעשי דעם רעטאַך ציט,
באָבעשי שלעפּט ביידן מיט.
מירקע הינטער איר.
ס'הינטעלע פֿאַר מירקעס קלייד
כאַפּט זיך אָן און שלעפּט מיט פֿרייד.
הײַדאַ... אײנס און צוויי...
שלעף אַהין און שלעף אַהער —
ניין, עס גייט נאָך אַלץ צו שווער,
אַלץ אומזיסט — אוי וויי!...

רופט דער הונט די קיזי־קיץ.
קיזי קומט און העלפט מיט היץ —
פינף שוין האָבן מיר:



זיידעשי דעם רעטאָך ציט,
באָבעשי שלעפּט ביידן מיט,
מירקע הינטער איר,
ס'הינטעלע פאַר מירקעס קלייד,
קיזעלע שלעפּט אויך מיט פרייד,
היידאַ... איינס און צוויי...
שלעפּ אַהין און שלעפּ אַהער —
ניין, עס גייט נאָך אַלץ צו שווער,
אַלץ אומזיסט... אוי, וויי!
רופט דאַן קיזעלע די מויז:
„קום, שאַרפציינדעלע, אַרויס!" —
זעקס שוין האָבן מיר:



זיידעשי דעם רעטאַך ציט,
באָבעשי שלעפּט ביידן מיט,
מירקע הינטער איר,
ס׳הינטעלע פאַר מירקעס קלייד,
קיזעלע שלעפּט אויך מיט פרייד.
גאָר צולעצט די מויז.
שלעפּט אַהין און שלעפּט אַהער...
גיט דער רעטאַך זיך אַ קער,
פּוץ — און שפּרינגט אַרויס!



זיידע, באָבע; מירקע אויך
פאַלן אום און לאַכן הויך:

כאַ, כאַ, כאַ, כאַ!
ס׳הינטל העלפט צו: האַו־האַו־האַו!
קיזי מיאַוקעט: מיאַו־מיאַו־מיאַו!
ס׳מײַזעלע... אַהאַ!
טראַ־לאַ־לאַ־לאַ...

---

# קעניג מידאַס.

1.

אַמאָל איז געווען זייער אַ רײַכער קעניג. ער האָט געהייסן מידאַס. ער האָט געהאַט אַ קליין, שיין טעכ־טערל.

דער קעניג מידאַס האָט זייער ליב געהאַט גאָלד. ער האָט עס ליב געהאַט מער פון אַלע זאַכן אויף דער וועלט.

ווען זײַן טעכטערל פלעגט אָנקלײַבן און ברענגען אַהיים גלעקעלאַך און טוליפּס, פלעגט ער זאָגן: „ווען די בלימעלאַך וואָלטן געווען פון גאָלד, וואָלט איך זיי אויך געקליבן.“

איינמאָל איז מידאַס געזעסן בײַ זיך אין שאַצקאַמער און געציילט, וויפיל גאָלד ער האָט. פּלוצלונג דערזעט ער — אַ פרעמדער מאַן שטייט אין צימער.

— דו ביסט אַ רײַכער מאַן, פרײַנד מידאַס! — האָט דער פרעמדער געזאָגט.

— יאָ, איך האָב אַ ביסל גאָלד, — האָט מידאַס גע־ענטפערט, — אָבער ווײַט ניט גענוג.



— ווי ? — האָט דער פרעמדער אויסגערופען ? — איז אַלץ, וואָס דו האָסט, נאָך ניט גענוג ?

— ניין. — האָט מידאַס געשאָקלט מיט'ן קאָפּ. — עס איז ווייניק.

— און ווען וואָלט גענוג געווען ? — וואָס וואָלסטו געוואָלט ? — האָט דער פרעמדער געפרעגט.

מידאַס האָט געטראַכט און געטראַכט, האָט אַ קוק געטאָן אויפ'ן פרעמדן און געזאָגט :

— איך וואָלט געוואָלט, אַז אַלץ, צו וואָס איך וועל זיך צורירן, זאָל ווערן גאָלד.

— ביסטו זיכער, אַז דעמאָלט וועסטו שוין זיין צופרידן ?

— יאָ, דעמאָלט וועל איך שוין מער גאָרנישט ניט בעטן.

— עס וועט זײַן אַזוי, ווי דו ווילסט. — האָט דער פרעמדער געזאָגט. — פון מאָרגן אָן וועט אַלץ, צו וואָס דו וועסט זיך צורירן, ווערן גאָלד.

2.

אויף מאָרגן, ווי נאָר די זון האָט אַרײַנגעקוקט דורכ'ן פענסטער אין צימער אַרײַן, איז מידאַס אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט.

ער האָט זיך אָנגערירט אָנ'ם שטול. איז דער שטול געוואָרן אַ גאָלדענער.

ער האָט זיך אָנגערירט אָן בעט און אָן טיש, און זיי זײַנען גלײַך געוואָרען פון רײנעם גאָלד.

ער האָט זיך אָנגעטאָן; זײַנען די קליידער זײַנע געוואָ־ן גאָלדענע.

מידאַס איז אַרויס אין גאָרטן. „איצט — האָט ער געטראַכט — קאָן איך האָבן דעם שענסטן גאָרטן אויף דער וועלט.“

ער האָט זיך אָנגערירט אָן די ביימער, אָן די בלע־טער, אָן די בלומען, און זיי זײַנען אַלע געוואָרן גאָלדענע.

מידאַס איז אַזוי אַ לענגערע צײַט אומגעגאַנגען אין גאָרטן, ביז ער איז געוואָרן הונגעריק. איז ער אַוועק אין פּאַלאַץ עסן אָנבײַסן.

ער האָט געוואָלט אויסטרינקען אַ קריגל מילך. אָבער ווי נאָר ער האָט זיך צוגערירט צו די מילך מיט זײַנע ליפּן, איז פון די מילך געוואָרן גאָלד.

ער האָט געוואָלט עסן אַ שטיקל פיש; אָבער ווי נאָר ער האָט זיך צו דעם צוגערירט, איז עס געוואָרן גאָלד, און ער האָט עס ניט געקאָנט עסן.

ער האָט גענומען אַן איי, איז דאָס אויך באַלד געוואָרן גאָלד.

פונקט דעמאָלט איז אַריין אין צימער זיין קליין טעכטערל. זי האָט אַרומגענומען איר פאָטער און געזאָגט: „גוט מאָרגן, טייערער פּאַפּאַ!“



דער קיניג האָט אַ קוש געטאָן זיין טעכטערל.

— וואָס מאַכסטו עפּעס, מיין טייער מיידעלע! — האָט ער זי געפרעגט.

אָבער דאָס מיידעלע האָט ניט געענטפערט. זיין קליין טייער מיידעלע האָט שוין ניט געקאָנט רעדן. זיין קוש האָט זי פאַרוואַנדלט אין גאָלד.

# די פיקסלאַך און דער לייב.

1.

אַמאָל איז געווען אַ לייב. ער האָט געלעבט אין אַ וואַלד.

דער לייב איז געווען זייער אַ גרויסער, און אַלע האָבן אים גערופן קעניג.

אָבער ער איז געווען זייער אַ שלעכטער. ער פלעגט אויפעסן אַלע אַנדערע איינוואוינער פון וואַלד, ווען נאָר ער פלעגט זיי געפינען. ביז עס זיינען געבליבן אין וואַלד נאָר צוויי פיקסלאַך.

די פיקסלאַך האָבן זיך געשראָקן פאַר׳ן לייב. זיי האָבן ביינאַכט געהערט זיין ברילן. און מיט יעדער נאַכט איז דאָס ברילן געקומען נעענטער צו זיי.

איין נאַכט איז דער לייב צוגעקומען זייער נאָענט צו די פיקסלאַך. האָט איינער פון זיי געזאָגט צום אַנדערן:

— ווי איז מיר! איך ווייס, דער לייב וועט אונז היינט כאַפּן און אויפעסן. וואָס זאָלן מיר טאָן?

— שרעק זיך ניט. — האָט דאָס צווייטע פיקסל געזאָגט. — מיר וועלן אַנטלויפן און באַהאַלטן זיך.

און זיי האָבן זיך גענומען פאַר די הענט, און זיי זיינען אַוועקגעלאָפן ווייט, ווייט, ביז דאָס ברילן פונ׳ם לייב האָט זיך מער ניט געהערט.

2.

אײַן נאַכט אָבער האָט דער לײב װידער שיר ניט געכאַפּט די פיקסלאַך.

— װאָס זאָלן מיר טאָן? — האָט אײַן פיקסל געזאָגט. — איצט װעט ער אונז שױן זיכער אױפעסן.

— פאַל ניט אַראָפּ בײַ זיך. — האָט געזאָגט דאָס צװײטע פיקסל. — טו װאָס איך טו און שרעק זיך ניט.

און די פיקסלאַך האָבן זיך גענומען פאַר די הענט און אװעקגעטאַנצט גלײַך צום לײב.



— װאו זײַט איר געװען? — האָט דער לײב אַ ברילגעטאָן? — פאַרװאָס זײַט איר נעכטן ניט געקומען? איך בין נעכטן געװען הונגעריק.

— אַנטשולדיק, גרױסער לײב! — האָבן די פיקסלאַך געענטפערט. — מיר האָבן געװאָלט קומען צו דיר

פריער. אָבער יעדעס מאָל, ווען מיר האָבן געוואָלט גיין צו דיר, איז אַרויס פון וואַלד אַ שרעקלאַכער לייב און געברילט אויף אונז. האָבן מיר זיך באַהאַלטן.

— אָבער דאָס איז אַ ליגן! — האָט אויסגעברילט צאָרנדיק דער לייב. — אין דעם וואַלד איז ניטאָ קיין אַנדער לייב, אויסער מיר!

— אַ, יע! — האָבן די פיקסלאַך געזאָגט. — עס איז יאָ פאַראַן און נאָך אַ גרעסערער פאַר דיר.

— נאָך אַ גרעסערער?

— יאָ, אַ גרעסערער. און ער ברילט שטאַרקער פאַר דיר.

דער לייב, אַז ער האָט דאָס דערהערט, איז ער אַריין אין גרימצאָרן. און ער האָט אַזוי שטאַרק געברילט, אַז די ביימער האָבן זיך געטרייסלט.

— נעמט מיך צו יענעם לייב. — האָט ער אויסגעשריען. — איך וועל אים אויפעסן!

3.

די פיקסלאַך האָבן זיך גענומען פאַר די הענט און זיינען געשפרונגען פאָרויס און דער לייב נאָך זיי. ביז זיי זיינען געקומען צו אַ טייך.

— אָט דאָ וואוינט דער אַנדער לייב. — האָבן געזאָגט די פיקסלאַך.

דער לייב האָט אַ קוק געטאָן אין וואַסער און האָט דאָרטן דערזען אַן אַנדער לייב.

— קום אַרויס! — האָט דער לײב אַרויסגעברילט. — קום שוין אַרויס!

אָבער דער צװײטער לײב איז ניט אַרויס.



דער לײב האָט געשריען און געמאַכט צאָרניקע גרימאַסן. דער אַנדער לײב האָט אויך געמאַכט אַזעלכע גרימאַסן, אָבער ער איז ניט אַרויס פון װאַסער.

האָט אונזער לײב דערעסן צו װאַרטן, ביז דער צװײ־טער לײב װעט אַרויס פון װאַסער, און ער זאָל אים אויפ־עסן. האָט ער בײז אַ בריל געטאָן און איז אַרײַנגעשפּרונ־גען אין טײַך.

דער לײב איז שוין מער פון טײַך ניט אַרויס. ער האָט זיך דערטרונקען.

און די פיקסלאַך האָבן זיך גענומען פאַר די הענט און האָבן פרײלאַך געטאַנצט אויפ׳ן ברעג טײַך. און זײ האָבן געזונגען:

— דער לײב איז טויט! דער לײב איז טויט!

# די רויבער.

1.

אַמאָל איז געווען אַן אייזל. ער האָט געאַרבעט שווער און ביטער זיין גאַנץ לעבן. אָבער מיט דער צייט איז ער געוואָרן אַלט און האָט מער ניט געקאָנט אַרבעטן.

איינמאָל האָט דער באַלעבאָס פונ׳ם אייזל געזאָגט צו זיין ווייב: „אונזער אייזל איז אַלט. מער קיין נוצן קאָנען מיר פון אים ניט האָבן. איך וועל אים טייטן און אַראָפּ־נעמען פון אים זיין פעל.“

דער אייזל האָט דאָס געהערט. האָט ער ביי זיך גע־טראַכט: „צו וואָס זאָל איך דאָ פאַרבלייבן, מען זאָל מיך טייטן? איך וועל אַוועקלויפן.“

געזאָגט און געטאָן. ער איז אַריבערגעשפּרונגען איבער׳ן פּלויט פון הויף און איז אַוועק מיט׳ן וועג.

גייט ער און גייט און באַגעגנט אַ הונט.

— וואוהין גייסטו, טייערער הונט? — פרעגט דער אייזל.

— איך בין אַנטלאָפן פון מיין באַלעבאָס. — האָט דער הונט געענטפערט. — ער זאָגט — איך בין צו אַלט, קאָן מער ניט אַכטונג געבן אויף זיינע שעפּסן, ניט היטן זיין הויף. וויל ער מיך טייטן. בין איך אַנטלאָפן געוואָרן.

— זייער גוט, מיין טייערער פריינד! — האָט דער אייזל געזאָגט. — קום מיט מיר. מיר וועלן גיין אין שטאָט

און שפּילן אין אַ קאַפּעליע. דו וועסט בלאָזן אויף אַ פלייט
איך וועל קלאַפּן אין אַ פּויק.



זײַנען זיי אַוועק ווײַטער בײדע צוזאַמען.
גייען זיי און באַגעגענען אַ קאַץ.

— אַ גוט מאָרגן דיר, קעצל! — זאָגט דער אײזל. — וואוהין גייסטו דאָס?

— איך בין אַנטלאָפן פון מײַן הײם. איך האָב געהערט, ווי מײַן באַלעבאָס און מײַן באַלעבאָסטע זאָגן: „אונזער קעצל איז אַלט און קאָן מער ניט כאַפּן קײן מײַז. מען דאַרף זי אַרײַנוואַרפן אין וואַסער און דערטרינקען.“ האָב איך ניט געוואָלט פאַרבלײַבן, מען זאָל מיך דערטרינקען, און בין אַוועקגעלאָפן.

— זייער גוט. זייער גוט, ליבער פרײַנד! — האָט

דער אײזל געזאָגט. — קום מיט אונז. מיר גײען אין שטאָט שפּילן אין אַ קאַפּעליע. דו װעסט צוזינגען.

— זײער שײן, זײער פֿײן. — האָט די קאַץ צוגעשטימט. — איך גײ מיט אײַך.

גײען זײ און גײען אַלע צוזאַמען און קומען אויף אַ פֿאַרם.



דערזעען זײ אויף אַ צוים אַ גרויסן האָן. דער האָן האָט צעמאַכט מיט זײנע פֿליגלען און געקרײעט אַזוי הויך, װי ער האָט נאָר געקאָנט.

— װאָס פֿעלט דיר? װאָס שרײַסטו אַזוי הויך? — האָט אים דער אײזל געפֿרעגט.

— װי זאָל איך ניט שרײַען, — האָט דער האָן געזאָגט, — אַז מען װעט מיך הײַנט קוילען און אַרײַנלײגן

אין זופּ. איך האָב אַליין געהערט, ווי די באַלעבאָסטע מײַנע האָט אַזוי געזאָגט.

— אויב אַזוי, פֿאַרוואָס זאָלסטו גאָר ניט גיין מיט אונז? — האָט דער אייזל געזאָגט. — מיר גייען אין שטאָט שפּילן אין אַ קאַפּעליע. דו קענסט זינגען אויסגעצייכנט, וועסטו גאַנץ פֿײַן צוניץ קומען.

— זייער גוט, איך גיי מיט אײַך. — האָט דער האָן צוגעשטימט. און זיי זײַנען אַלע אַוועק צוזאַמען.

2.

גייען זיי אַזוי אַלע און גייען, ביז עס איז געוואָרן פֿינסטער. האָבן אַלע פֿיר גענומען זוכן אַ פּלאַץ, וואו אי־בערצונעכטיקן.

האָבן זיי דערזען אַ בוים. זאָגט דער אייזל: „לאָמיר דאָ איבערנעכטיקן אונטער דעם בוים.“

האָט זיך דער אייזל געלייגט אויף דער ערד און דער הונט לעבן אים. די קאַץ האָט אַרויפגעקלעטערט אויף אַ צווײַג, און דער האָן איז אַרויפגעפלויגן אויפ'ן שפּיץ בוים.

— איך זע אַ פֿײַערל פֿון דער ווײַטן. — האָט דער האָן אויסגערופן. — עס מוז ניט ווײַט זײַן אַ שטיבעלע.

— אויב אַזוי, — האָט געזאָגט דער אייזל, — לאָ־מיר גיין און בעטן בײַ די באַלעבאַטים פֿון הויז, זיי זאָלן אונז געבן עפּעס.

— יאָ, איך וואָלט איצט מיט פֿאַרגעניגן גענאָגט אַ

בייַן. — האָט געזאָגט דער הונט.

— און איך וואָלט גערן פאַרזוכט אַ פעטע מויז. — האָט געזאָגט די קאַץ.

— און איך וואָלט ניט געבראַקירט מיט אַ הויפן קערענער. — האָט געזאָגט דער האָן.

און זיי האָבן זיך אַלע גלייַך געלאָזט צום פּלאַץ, וואו זיי האָבן געזען דאָס פייַערל.



זיי זייַנען געגאַנגען און געגאַנגען, ביז זיי זייַנען געקומען צום הייַזל.

דער אייזל, וואָס איז געווען העכער פון זייַנע פרייַנד, האָט זיך געשטעלט אויף די הינטערשטע פיס און אַ קוק געטאָן אין פענסטער.

— וואָס זעסטו דאָרט? — האָבן אים די פרייַנד געפרעגט.

— איך זע אַ טיש געגרייט מיט אַלעם גוטן, און פיר רויבער זיצן אַרום טיש און עסן און טרינקען.

— קריך אַראָפּ. — האָט דער הונט געזאָגט. — לאָ־
מיר אויסטראַכטן אַ פּלאַן, ווי צו קריגן דאָס עסן.

און זיי האָבן געטראַכט און געטראַכט און אויסגע־
טראַכט אַ פּלאַן — צו דערשרעקן די רויבער און פאַר־
יאָגן זיי.



דער אייזל האָט זיך געשטעלט אויף די הינטערשטע
פיס און די פאָדערשטע האָט ער אַוועקגעשטעלט אויפ'ן
ברעג פענסטער.

דער הונט איז אַרויפגעשפּרונגען צום אייזל אויפ'ן

רוקן, די קאַץ — צום הונט אויפ'ן רוקן און דער האָן — צו דער קאַץ אויפ'ן רוקן.

און אַלע צוזאַמען האָבן זײ גענומען זינגען אַזוי הויך, ווי זײ האָבן נאָר געקענט.

דער אײזל האָט געשריען, דער הונט — געבולן, די קאַץ — געמיאַוקעט, דער האָן — געקרײעט.

זײ האָבן אויפגעהויבן אַזאַ טומל, אַז די רויבער האָבן זיך דערשראָקן, געלאָזן די וועטשערע און זײנען אַנטלאָפן אַזוי שנעל, ווי זײ האָבן נאָר געקענט.

אונזערע פרײנד זײנען דעמאָלט אַרײַן אין הויז, האָבן זיך געזעצט אַרום טיש און אויפגעגעסן די וועטשערע.

— און איצט — האָט געזאָגט דער אײזל — לאָמיר גײן שלאָפן.

איז דער אײזל אַרויס און געלײגט זיך אויפ'ן הויף; דער הונט האָט זיך געלײגט הינטער דער טיר; די קאַץ האָט זיך אַוועקגעלײגט וואַרימען אויפ'ן אויוון, און דער האָן איז אַרויפגעפלויגן אויף אַ ברעג שטול.

זײ זײנען אַלע געווען אַזוי מיד, אַז זײ זײנען באַלד אײַנגעשלאָפן.

אַרום האַלבער נאַכט האָבן די רויבער דערזען, אַז אין שטיבל איז דאָס פײַער אויסגעלאָשן, און אַז אַלץ אַרום איז שטיל.

איז אײנער פון זײ שטיל אַוועקגעקראָכן צוריק אין

הויז. ער איז אַרײַן און אַוועק צום אויוון אָנצינדן אַ שוועבעלע.

די קאַץ האָט אים אַ שפּרונג געטאָן גלײַך אין געזיכט אַרײַן און צעדראַפּעט.



דער רויבער האָט זיך אַזוי דערשראָקן, אַז ער איז גלײַך אַרויסגעלאָפן.

בײַם טיר האָט אים אָנגעכאַפּט דער הונט און אַ ביס געטאָן אין פוס.

אויפ׳ן הויף האָט אים דער אייזל געגעבן אַזאַ שטאַרקן בריק, אַז ער איז אַרויסגעפלויגן אויפ׳ן וועג.

דער האָן האָט זיך דערבײַ אויפגעכאַפּט און אָנגעהויבן שרײַען: קו־קי־רעקו!

דער רויבער איז אַוועקגעלאָפן צוריק צו זײַנע פרײַנד.

— עס איז עפּעס שרעקלאַכס! — האָט ער דער־

ציילט. — ווי נאָר איך בין אַריין אין הויז, איז צוגעשפּרונ־
גען אַן אַלטע פרוי און צעדראַפּעט מיך מיט אַ טשוואָק.

— ביי דער טיר האָט מיך באַגעגנט אַ מאַן מיט אַ
שאַרף מעסער. ער האָט מיר אַ שטאָך געטאָן אין פוס.

— אויפ׳ן הויף איז געווען אַ ריז. ער האָט מיך אַ
שטויס געטאָן און פאַרוואָרפן אויפ׳ן וועג.

און אויסער דעם איז נאָך דאָרטן געווען איינער, וואָס
האָט געהאַלטן אין איין שרייען: „לאָז מיך אים אַ קנאַק
טאָן!“ "לאָז מיך אים אַ קנאַק טאָן!“

די רויבער האָבן זיך דערשראָקן און זיינען אַוועק
ערגעץ ווייט, ווייט.

און אונזערע פיר פריינד זיינען פאַרבליבן אין הייזל
אין מיטן וואַלד, און זיי זיינען דאָרטן נאָך ביז היינטיקן
טאָג.

---

# די קאַץ, וואָס האָט געוואַרט.

פרילינג. אַ שיינער גאָרטן.

אַ קאַץ מיט אירע צוויי קעצעלאַך וואַרימען זיך אויף דער זון.

די קאַץ: איר זעט די נעסט אויפ׳ן בוים, קעצעלאַך מיינע?

קעצעלע 1: יאָ, מאַמעניו! וואָס איז דאָרט אין נעסט?

די קאַץ: אייער, מיינע טייערע!

ק ע צ ע ל ע 2: זײַנען אײַער געשמאַק?

ד י ק אַ ץ: יאָ, אײַער זײַנען געשמאַק. איך וועל באַלד אַרויפֿ־קריכן און אַראָפּברענגען פֿאַר אײַך בײדן צו אײעלאַך.

די קאַץ דראַפּעט זיך אַרויף אויפֿ'ן בוים צו דער נעסט און קומט באַלד צוריק אַראָפּ.

ק ע צ ע ל ע 1: וואָס האָסטו דאָרטן געזען, מאַמעניו?

ד י ק אַ ץ: פֿינף בלויע אײעלאַך, קינדערלאַך!

ק ע צ ע ל ע 2: זײַנען פֿינף בלויע אײעלאַך ניט געשמאַק, מאַמעניו?

ד י ק אַ ץ: פֿינף בלויע אײעלאַך זײַנען יאָ געשמאַק, קינ־דערלאַך! אָבער פֿינף קלײנע פֿײגעלאַך זײַנען נאָך געשמאַקער. לאָמיר וואַרטן.

אין דרײַ וואָכן אַרום.

די קאַץ מיט אירע צווײ קעצעלאַך וואַרימען זיך אין גאָרטן אויף דער זון.

ד י ק אַ ץ: האָט איר זיך הײַנט, קינדערלאַך, צוגעקוקט צו דער נעסט?

ק ע צ ע ל ע 1: יאָ, מאַמעניו.

ד י ק אַ ץ: האָבן פֿון דאָרט אַרויסגעקוקט קלײנע פֿײגעלאַך?

ק ע צ ע ל ע 2: יאָ, יאָ, מאַמעניו!



די קאץ: מיר וועלן זיי איצט אויפעסן; זיי וועלן זײַן זייער געשמאַק.

זי דראַפּעט זיך אַרויף אויפ'ן בוים צו דער נעסט און קומט באַלד צוריק אַראָפּ.

קעצעלע 1: וואָס האָסטו דאָרטן געזען, מאַמעניו?

די קאץ: איך האָב דאָרטן געזען פינף קליינע פייגעלאַך, קעצעלאַך מײַנע!

קעצעלע 2: זײַנען דען קליינע פייגעלאַך ניט געשמאַק?

די קאץ: קליינע פייגעלאַך זײַנען יאָ געשמאַק, קינדערלאַך מײַנע! אָבער גרויסע פייגל זײַנען נאָך געשמאַקער. לאָמיר וואַרטן. אין צוויי וואָכן אַרום.

די קאַץ מיט אירע קעצעלאַך וואַרימען זיך אין גאָרטן אויף דער זון.

די קאץ: האָט איר זיך הײַנט, קעצעלאַך מײַנע, צוגעקוקט צו דער נעסט?

קעצעלע 2: יאָ, מאַמעניו!

די קאץ: האָבן פון דאָרט אַרויסגעקוקט גרויסע פייגל?

קעצעלע 2: ניין, מאַמעניו!

די קאץ: האָבן פון דאָרטן אַרויסגעקוקט קליינינקע פייגעלאַך?

ביידע קעצלאך: ניין, מאַמעניו!

די קאץ: דאָס איז עפּעס נישט פאַרשטענדלאַך. נו, וועלן מיר הײַנט טאַקע אויפעסן די פייגעלאַך. זיי מוזן איצט זײַן זייער געשמאַק.

זי דראַפּעט זיך אַרויף אויפ'ן בוים צו דער נעסט און קומט באַלד צוריק אַראָפּ.

קעצעלע 1: וואָס האָסטו דאָרטן געזען, מאַמעניו?

די קאץ: גאָרנישט, קינדערלאַך מײַנע! גאָרנישט, קעצעלאַך מײַנע! די פייגעלאַך זײַנען אַוועקגעפלויגן.

ביידע קעצעלאך: אַ, מאַמעניו, אַ, מאַמעניו!

# די דרײַ בערן.

1.



אַ מײַדעלע איז אַוועק פֿון שטוב אין וואַלד אַרײַן. אין וואַלד האָט זי פֿאַרבלאָנדזשעט. זי האָט גענומען זוכן דעם וועג אַהײם, נאָר זי האָט אים ניט געפֿונען. איז זי געקומען אין וואַלד צו אַ קלײנעם שטיבעלע.

די טיר איז געווען אָפֿן. זי האָט אַ קוק געטאָן דורכ'ן טיר, זעט זי — אין שטיבעלע איז קײנער ניטאָ. איז זי אַהין אַרײַן.

אין דעם שטיבעלע האָבן געוואוינט דרײַ בערן. אײן בער איז געווען דער טאַטע, גערופֿן האָט מען אים בערל. ער איז געווען אַ גרויסער מיט לאַנגע קודלעס. דער אַנדערער איז געווען אַ בעריכע. זי איז געווען עטוואָס קלענער, און גערופֿן האָט מען זי וויכנע. דער דריטער איז געווען אַ קלײנינקער יונגער בערעלע, און גערופֿן האָט מען אים בערטשיקל. די בערן זײַנען ניט געווען אין דער הײם: זײ זײַנען אַוועק שפּאַצירן איבער'ן וואַלד.

2.

אין שטיבעלע זײַנען געווען צוויי צימערן: אײנער — אַן עס-צימער, און דער אַנדערער — אַ שלאָף-צימער. דאָס מײדעלע איז אַרײַן אין עס-צימער און האָט דערזען אויפ'ן טיש דרײַ שיסלען מיט געקעכץ. די ערשטע שיסל, זײער אַ גרויסע, איז געווען בערלס אלײן. די צווייטע שיסל, אַ ביסל אַ קלענערע, איז געווען וויכנעס. די דריטע, אַ בלויאינקע קלײנינקע שיסעלע, איז געווען בערטשיקלס. לעבן יעדער שיסל איז געלעגן אַ לעפֿל: לעבן בערלס — אַ גרויסער,

לעבן וויכנעם — אַ מיטעלער, און לעבן בערטשיקלס — אַ קלײַ־נינקער.

דאָס מײַדעלע האָט גענומען דעם גרעסטן לעפל און האָט אַ ביסעלע געגעסן מיט אים פון דער גרעסטער שיסל; דערנאָך האָט זי גענומען דעם מיטעלן לעפל און האָט געזופּט פון דער מיטעלער שיסל; דערנאָך האָט זי גענומען דאָס קלײַנינקע לעפעלע און האָט געזופּט פון דעם בלויאינקן שיסעלע. און בערטשיקלס געקעכץ איז איר געפעלן געוואָרן מער, ווי אַלעמענס.

דאָס מײַדעלע האָט געוואָלט זיך צוזעצן. זעט זי בײַם טיש דרײַ שטולן. אײַנעם אַ גרויסן — בערלס, דעם צווײַטן אַ קלענערן — וויכנעס, און דעם דריטן אַ קלײַנינקן מיט אַ בלויאינקן קישעלע — בערטשיקלס. זי האָט געוואָלט אַרויפקריכן אויפ'ן גרויסן שטול און איז אַראָפּגעפאַלן. דערנאָך האָט זי זיך אַוועקגעזעצט אויפ'ן מיטעלן שטול; אויף אים איז איר אָבער געווען ניט גוט צו זיצן. דערנאָך האָט זי זיך אַוועקגעזעצט אויפ'ן קלײַנעם שטילכעלע, און זי האָט זיך צעלאַכט — אַזוי גוט איז איר געווען. זי האָט גענומען דאָס בלויאינקע שיסעלע צו זיך אויף די קני און האָט זיך גענומען וויגן אויפ'ן שטול.

דאָס שטילכעלע האָט זיך דורכגעבראָכן, און זי איז אַראָפּגע־פאַלן אויף דער ערד. זי איז אויפגעשטאַנען, האָט אויפגעהויבן דאָס שטילכעלע און איז אַרײַן אין צווײַטן צימער. דאָרטן זײַנען גע־שטאַנען דרײַ בעטן: אײַנע אַ גרויסע — בערלס, די צווײַטע אַ מי־טעלע — וויכנעס, די דריטע אַ קלײַנינקע — בערטשיקלס. דאָס מײַ־דעלע האָט זיך אַנידערגעלײַגט אויף דער גרויסער בעט — איז זי געווען צו גרויס און צו ברײַט. זי האָט זיך געלײַגט אויף דער מי־טעלער — איז געווען צו הויך. האָט זי זיך געלײַגט אין דער קלײַ־נינקער; דאָס בעטעלע איז געווען פונקט, ווי פאַר איר, און זי איז אײַנגעשלאָפן.

3.



די בערן זײַנען געקומען אַהײם הונגעריקע און האָבן געװאָלט עסן מיטאָג. דער גרױסער בער האָט גענומען זײַן שיסל, האָט אַ קוק געטאָן און האָט אַרױסגעשריען מיט אַ שרעקלאַכער שטימע:

## „װער האָט געזופּט פֿון מײַן שיסל?“

װיכנע האָט אַ קוק געטאָן אין איר שיסל און האָט אַ געשרײַ געטאָן שױן ניט אַזױ הױך:

„װער האָט געזופּט פֿון מײַן שיסל?“



און בערטשיקל האָט דערזען זײַן פּוסט שיסעלע און האָט אָנגעהױבן צו קװיטשען מיט זײַן דין שטימעלע:

„װער האָט געזופּט פֿון מײַן שיסעלע און האָט אינגאַנצן אױסגעזופּט?“.

בערל האָט אַ קוק געטאָן אױף זײַן שטול און האָט אַרױסגעשריען מיט אַ שרעקלאַכער שטימע:

## „װער איז געזעסן אױף מײַן שטול?“

װיכנע האָט דערלאַנגט אַ קוק אױף איר שטול און האָט אַ געשרײַ געטאָן שױן ניט אַזױ הױך:

„װער איז געזעסן אױף מײַן שטול?“

בערטשיקל האָט אַ קוק געטאָן אויף זײַן צעבראָכן שטילכעלע און האָט אַרויסגעקוויטשעט:

„ווער איז געזעסן אויף מײַן שטול און האָט אים צעבראָכן?“

די בערן זײַנען אַרײַן אין צווייטן צימער.

# „ווער האָט זיך געלייגט אויף מײַן בעט?“

האָט אַרויסגעשריען בערל מיט אַ שרעקלאַכער שטימע.

## „ווער האָט זיך געלייגט אויף מײַן בעט?“

האָט אַרויסגעשריען וויכנע שוין ניט אַזוי הויך.

און בערטשיקל האָט צוגעשטעלט אַ בענקעלע, איז אַרויפגעקראָכן אויף זײַן בעטעלע און האָט אַרויסגעקוויטשעט מיט זײַן דין שטימעלע:

„ווער האָט זיך געלייגט אויף מײַן בעט!

מיט אַמאָל האָט ער דערזען דאָס מײדעלע און האָט אָנגעהויבן צו קוויטשען אַזוי, ווי מען וואָלט אים געקוילעט:



„אָט איז זי! האַלט! האַלט! אָט איז זי! אָט איז זי! אײ־אײ־אײ! האַלט!“.

ער האָט זי געוואָלט אײַנבײַסן. דאָס מײדעלע האָט אויפגעעפנט די אויגן, האָט דערזען די בערן און האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צום פענסטער. דאָס פענסטער איז געווען אָפן. זי איז אַרויסגעשפּרונגען דורכ׳ן פענסטער און איז אַנטלאָפן געוואָרן. די בערן האָבן זי ניט דעריאָגט.

# דער ווינט.

1.

האָט איר אַמאָל געזען, ווי דער ווינט פאָרט רײַטנדיק אויף זײַן ווילד פערד? ווי ער רײַט איבער וואַסער און איבער טריקעניש, איבער בערג און איבער הויכע בײַמער?

גוטע קינדער זעען אים קײנמאָל ניט.

זײ הערן נאָר, ווי ער רײַט; ווי עס קלאַפּן די קלויען פון זײַן ווילד פערד.

אָבער אײנמאָל, לאַנג, לאַנג צוריק, איז געווען אַ מענש, זײער אַ שלעכטער מענש.

ער האָט געטאָן זײער פיל שלעכטע זאַכן.

יעדער אײנער האָט זיך געשראָקן פאַר אים. קײנער האָט אים ניט ליב געהאַט.

אײנמאָל איז ער אַוועק אין וואַלד. ער איז געגאַנגען פון בוים צו בוים און געבראָכן די פײגלשע אײעלאַך און צעשלײַדערט די נעסטן.

אַן אַלטער קלוגער לאַכפויגל האָט אים געזאָגט:

„היט זיך! דו וועסט דערפאַר קריגן אַ שטראָף. דער ווינט וועט דיך באַשטראָפן.“

— ווער שרעקט זיך פאַר'ן ווינט? — האָט דער מענש גראָב געענטפערט. — איך געוויים ניט.

און ער איז געגאַנגען ווײַטער איבער'ן וואַלד.

מיט אַמאָל איז געוואָרן פינסטער.

„זאָל דאָס זײַן, אַז די נאַכט קומט אָן?“ — האָט דער מענש אַ טראַכט געטאָן.— „נײן, עס קען ניט זײַן. עס איז צו פרי. קענטיק עס וועט רעגענען.“

2.

פּלוצלונג האָט ער דערזען אַ בלענדנדן בליץ, און באַלד נאָכ־דעם האָט ער דערהערט אַ באַטויבנדן דונער.

„איך מוז וואָס שנעלער אַרויס פון וואַלד.“ — האָט זיך דער מענש געטראַכט.

אָבער וואָס שנעלער ער איז געגאַנגען, אַלץ שטאַרקער איז גע־וואָרן דער שטורעם.

און עס איז געוואָרן אַלץ פינסטערער און פינסטערער אין וואַלד.

דער מענש האָט אָנגעהויבן לויפן. ער האָט אָבער ניט געזען, וואוהין ער לויפט, און ער האָט זיך אָנגעשלאָגן אָן די ביימער און צעקלאַפט זיך און פאַרוואונדעט.

ענדלאַך איז ער אויסגעמאַטערט געוואָרן און איז געפאַלן צו דער ערד, אַ דערשראָקענער און אַ מידער...

און ער האָט פלוצלונג דערהערט, ווי אַ פערד לויפט; לויפט און קומט אַלץ נעענטער.

— דאָס קומט אָן אַ רייטער, און ער וועט מיר העלפן. — האָט דער מענש געטראַכט.

און דער רייטער איז געקומען אַלץ נעענטער און נעענטער. און ער האָט דערהערט דאָס רייטן סאַמע איבער זיין קאָפּ.

ער האָט אַ קוק געטאָן אַרויף — און ער האָט דערזען אין דער לופטן אַ גרויס שוואַרץ פערד. און אויפ׳ן פערד — אַ הויכן מאַן מיט שוואַרצע בלישטשענדיקע אויגן און מיט לאַנגע שוואַרצע האָר.

דאָס פערד האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד, און דער רייטער האָט געזאָגט מיט אַ געדיכטער שטים, וואָס האָט געקלונגען ווי אַ דונער:

„איך בין דער ווינט און בין געקומען נעמען דיך רייטן אויף מיין פערד. קריך שנעל אַרויף און זעץ זיך הינטער מיר!“

דער דערשראָקענער מענש האָט געטאָן אַזוי, ווי מען האָט אים געהייסן.

און ווי נאָר ער איז אַרויף אויפ׳ן פערד, האָט זיך דאָס פערד אַ הייב געטאָן און ער איז געשפּרונגען און געשפּרונגען, ביז זיי זיינען געקומען צו אַ באַרג.

3.

דאָס פערד האָט געקלאַפּט מיט זײַנע גרויסע קלויען; דער בליץ האָט געבליצט, און דער דונער האָט געדונערט.

דער מענש איז געווען צו פיל דערשראָקן, ער זאָל אַרויסרײדן כאָטש אַ וואָרט.

אין באַרג האָט זיך געעפנט אַ טיר. זײ זײַנען אַרײַנגעפאָרן אין אַ הײל. די טיר הינטער זײ האָט זיך צוגעמאַכט מיט אַ קלאַפּ ווי אַ דונער.

„אַראָפּ!" — האָט אַ געשרײ געטאָן דער ווינט.

דער מענש איז אַראָפּ פון פערד און האָט זיך אַרומגעקוקט.

די הײל איז געווען אַ גרויסע. זי איז געווען באַלויכטן מיט אַ בליציק-העל ליכט. די גאַנצע הײל איז פול געווען מיט פױגלען. זײ זײַנען אַלע געווען אומעטיק.

— וואָס זײַט איר אַזוי אומעטיק? — האָט זײ געפרעגט דער ווינט.

— ווי אַזוי זאָלן מיר ניט אומעטיק זײַן? — האָבן געענטפערט די פױגלען. — אַ שלעכטער מענש האָט צעבראָכן אונזערע שײנע אײער. ניטאָ מער קײַן נעסטן אין וואַלד, קײַן גליקלאַכע הײמען.

„מיר זײַנען פרײַנד פונ'ם מענשן. מיר זינגען פאַר אים. מיר פאַרטיליקן די פליגן און ווערימלאַך, וואָס טוען אים אָן שאָדן. מיר טוען דעם מענשן קײנמאָל קײַן שאָדן ניט אָן.

„און דאָ איז געקומען אַ מענש און האָט אונז פאַרשאַפט אַזוי פיל שלעכטס!"

— ווער איז דער מענש? — האָט דער ווינט געפרעגט.

— דאָס איז ער! דער מענש, וואָס דו האָסט ערשט געבראַכט מיט זיך. — האָבן אַלע פױגלען מיט אַמאָל אויסגעשריען און אָנגעוויזן אויף דעם דערשראָקענעם מענשן.

און דעם מענשן האָט איצט אַזוי שטאַרק פאַרדראָסן, פאַר־וואָס ער האָט געטאָן שלעכטס די פײגעלאַך. ער וואָלט זיך איצט

געוואונשן, קיינמאָל קײן אײנעם פון זײ קײן שלעכטס ניט צו האָבן געטאָן!

און דער ווינט האָט זיך ווידער מיט זײַן הויכער שטים גע־ווענדט צום מענשן:

— שלעכטער מענש, פאַרוואָס האָסטו דאָס געטאָן?

דער מענש איז געווען צופיל דערשראָקן, ער זאָל קענען ענט־פערן אַ וואָרט.

האָט זיך דער ווינט געווענדט צו די פויגלען:

„ווײַל דער מענש איז געווען אַזוי שלעכט, וועל איך אים פאַר־שליסן אין באַרג. און זאָל ער דאָ זיצן, ביז אים וועט שטאַרק פאַר־דריסן, פאַרוואָס ער האָט דאָס אײַך געטאָן.“

4.

דעמאָלט האָט דער מענש זיך געבוקט פאַר זײ און געזאָגט:

— „אָ, גרויסער ווינט! און אויך איר, טײַערע פײגעלאַך! עס פאַרדריסט מיך שוין א י צ ט.

„לאָזט מיך נאָר אַרויס פון דאַנען, וועל איך העלפן די פויגלען צוריק אויפבויען זײערע נעסטן. איך וועל אַלעמאָל זײַן גוט צו די פויגלען און וועל אויך אַנדערע לערנען צו העלפן זײ.

„פאַרגיט מיר, טײַערע פײגעלאַך! פון הײַנט אָן און ווײַטער וועל איך זײַן אײַערער אַ פרײַנד.“

— וואָס זאָלן מיר מיט אים טאָן? — האָט דער ווינט גע־פרעגט.

— „לאָז אים גײן! — האָבן אַלע פויגלען אויסגעזונגען, — לאָז אים גײן! מיר פאַרגיבן אים. מיר דענקען, אַז ער וועט שוין מער קײנמאָל ניט זײַן שלעכט. און מיר ווילן, אַז אַלע זאָלן זײַן גליקלאַך.“

און אײדער דער מענש האָט נאָך צײַט געהאַט גוט אַרומקוקן זיך, זײַנען אַלע פויגלען אַוועקגעפלויגן.

און דער ווינט האָט זיך אַנגערירט אָן די אויגן פון דעם מענשן, און דער מענש איז אַנטשלאָפן געוואָרן.

און ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט ער געזען, אַז ער איז צוריק אין וואַלד.

גרינע ביימער האָבן אַראָפּגעהאַנגען איבער אים זייערע צווייגן. און נאָך העכער — האָט זיך געצויגן דער בלויער הימל.

און אַ בלויער פויגל האָט געבויט זיין נעסט און האָט געזונגען.

אויף יעדן בוים זיינען געווען פאַרנומען פייגעלאַך, בויענדיק זייערע נעסטן.

— „ווי שיין, ווי גליקלאַך זיי זיינען! — האָט דער מענטש געטראַכט. — ווי האָב איך דאָס אַמאָל געקאָנט טאָן שלעכטס אַזעלכע קליינע שיינע באַשעפענישן? פון היינט אָן וועל איך זיין זייער בעסטער פריינד.“

און דער מענטש האָט טאַקע געהאַלטן וואָרט.

---

# ווי צו ציילן זיך.

1.

איינס, צוויי, דריי,
אָדער לידער ליי,
אָקן, באָקן,
ביידע גלאָקן,
צידל, פּערל,
דוקס, אַרויס.

2.

ענגע, בענגע,
סטופּע, צענגע,
אַרצע, באַרצע,
גאָלע, שוואַרצע,
איימעלע, ריימעלע,
ביגעלע, פייגעלע, האָפּ!

3.

איינס — אַ מילינג,
צוויי — אַ צווילינג,
דריי — מעזומען,
פיר — רעדער,
פינף — פינגער,
זעקס — זינגער,
זיבן — טויז,
אַכט אַ הויז — גיי אַרויס!

# רעטענישן און פראַגן.

האָט בלעטער און איז ניט קײן בוים; האָט אַ רוק און איז ניט קײן מענש.

האָט ניט קײן פיס און גײט; האָט ניט קײן מויל און צײלט; האָט ניט קײן הענט און שלאָגט.

אַלעמען באַנײט דאָס, אַלעמען באַקלײדט דאָס, און אַלײן גײט דאָס נאַקעטערהײט.

פליט אָן פליגלען, מויערט אָן ציגלען; לײגט זיך ווי אַ האַר, שטײט אויף ווי אַ נאַר.

גרין ווי גראָז — נאָך ניט דאָס; רויט ווי בלוט — נאָך ניט גוט; שוואַרץ ווי קויל — דאָס איז וואויל.

צווײ ברידער זיצן אויף אײן בוים און זעען זיך ניט.

דרײסיק ווײסע פערד אויף אַ רויט בערגל; אַמאָל שפּרינגען זײ, אַמאָל גײען זײ, אַמאָל שטײען זײ שטיל.

אַ קלײן באַשעפעניש מיט אײן אויג; קריכט הויך איבער יעדן באַרג, שווימט טיף אין יעדן וואַסער.

ווען נײט אַ שנײדער אומזיסט?

וויפיל בײגל קען מען אויפעסן אויפ'ן ניכטערן האַרצן?

וואָס וואַקסט אָן אַ רעגן?

ווער קאָן ענטפערן אויף אַלע שפּראַכן פון דער וועלט, ניט האָבנדיק פריער געלערנט קײן אײנע פון זײ?